שול־ און פּיאָנערן־ביבליאָטעק

אַלעקסאַנדער באַרטאָ

# מישע

יידיש — ב. גוטיאַנסקי.

**№ 57**

דערלויבט פונעם מעלוכישן וויסנשאַפטלעך-מעטאָ-
דאָלאָגישן קאָמיטעט פון פאָלקאָמבילד או. ס. ר. ר.
צו באַנוצן אין די קינדערשע ביבליאָטעקן. דער-
לויבעניש № 496 פונעם 4-טן מײַ 1930.

KALMON MARMOR
NEW YORK

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיִעוו — 1930

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פונ דעמ בוכ און די שיפערנ פאַר
ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגנ זײַנענ אָפּ-
געדרוקט אינ „צײַט-שריפט פונ
דרוק" און אינ דעמ „קאָנטנ-רע-
פערטואַר" פונ דער אוקראַיִני-
שער בוכ-פּאַלאַטע.

מעלוכע-טרעסט „קיִעווער-דרוק".
2-טע דרוק, וואָראָווסקי גאַס, 42.
באַשט. № 5311. געדרוקט 3,000
קרײַזליט 1783.

# פאָרוואָרט

אלעקסאנדער באַרטאַ דערציילט אין דעם ביכל וועגן אן אונגאַרישן ייִנגעלע, א קינד פון אן ארבעטער. דאָס לעבן זײַנס האָט זיך אָנגעהויבן אין אן אָרעמן פּראָלעטארישן צימער, „ניט מער, ווערליק פיר טישן די גרייס", און האָט זיך איבערגעריסן אף באַריקאַדן, אונטערן פײַער פון א קוילנוואַרפער. אין דערזעלבער נאכט, וואָס מישע איז געבוירן געוואָרן, זײַנען די פאָטער און מוטער זײַנע געשטאָרבן. האָט זיך אָנגעהויבן א וואָגלעניש איינדערפרעמד, אן עלנט לעבן, א הונגעריקס, פול מיט לײַדן, אָן א ברעקל האָפענונג אף א בעסערער צוקונפט. א צײַט האָט מישע געוווינט אין אן ארבעטער־קאַזארמע, ער האָט זיך אויסגעלערנט דענקען פּראָלעטאריש, און צו עלף יאָר האָט ער שוין געהאט זײַן „באשטימטן קוק אף זאכן". ער האָט ליב געהאט אונטערפײַפן ארבעטער־לידלעך, און מיט זײַן גאנצן וועזן האָט ער זיך געצויגן צו דער ארבעטער־מאסע. אין דער מאסע האָט ער באגעגנט אזעלכע מענטשן, וואָס האָבן אים, א היימלאָזן קינד, באשיצט, געהאָדעוועט, באצויגן זיך צו אים חייך און צײַטנווײַז אפילע געצערטלט. אָט אָ די אָרעמע, אָבער גוטע, אָנגעכמורעטע, בערדיקע מענטשן זײַנען געווען דעם ייִנגעלעס איינציקע נאָענטע מענטשן און פרײַנט.

די דערציילונג לייענט זיך מיט אינטערעס, און ערטערווײַז רעגט זי שטארק: דער אויטער איז פול מיט האס צו די קאַפּיטאַליסטן און מיט ליבשאפט צום ארבעטער־קלאס, און דיזעלבע געפילן רופט ער אויך ארויס באַם לייענער.

א. באַרטאַ וווינט, וויאזוי בײַ מישען איז געוואַקסן די צוגעבונדנקײַט צום ארבעטער־קלאס, וויאזוי ער האָט זיך געסטאַרעט צונויפצוגיסן זײַן לעבן מיטן לעבן פון דעמדאָזיקן קלאס.

די געשעענישן, וואָס ווערן דאָ באשריבן, זײַנען פאָרגעקומען אין דער הויפשטאָט פון אונגארן, אין ווין, דעם 23־טן מײַ 1912. ס'איז דעמאָלט געווען א צײַט פון גאסן־דעמאָנסטראציעס און גאסן־שלאכטן. די סינע און דער צאָרן פון די ארבעטער־מאסן קעגן דעם בורזשואזן פארלאמענט האָבן געבראכט דערצו, אז די שטאָט ווין איז א לאנגע צײַט געווען אזויווי א באלאגערטע שטאָט בעיס מילכאָמע. דער קאמף פון די ארבעטער, וואָס האָט אויסערלעך געטראָגן א כאראקטער פון א קאמף פאר וואל־רעכט, האָט זיך אָפטמאָל אויסגעדריקט אין בלוטיקע צוזאמענשטויסן מיט דער זשאנדארמעריע און פאָליציי. איינער פון די דראַזיקע צוזאמענשטויסן איז פאָרגעקומען אין ווין דעם 23־טן מײַ 1912.

א. בארטא איז אן אונגאר. ער איז געבוירן געוואָרן אין בודאפעשט, אין א פאמיליע פון אן אָרעמן שנײַדער.

אין 1918 יאָר זײַנען די דײַטשישע ארבעטער און פויערים אופגעשטאנען און, לויטן בײַשפּיל פון רוסלאנד, האָבן זיי אָנגעהויבן גרינדן ראטן פון ארבעטער־פויערים־און סאָלדאטן־דעפּוטאטן. אין אונגארן, ווו ס'האָט געלעבט און געארבעט דער אוטער פון דעם ביכל, האָט זיך די ראטנמאכט אײַנגעשטעלט דעם דעם 21־טן מארט 1919. אונטערן דרוק פון דער בורזשואזיע און מיט דער הילף פון דער פארעטערישער סאָציאל-דעמאָקראטישער פארטיי איז די ראטנמאכט געפאלן דעם 1־טן אווגוסט 1919, דאָס הייסט, זי האָט זיך געהאלטן נאָר 132 טעג. נאָכדעם, ווי די ראטנמאכט איז געפאלן, האָט א. בארטא עמיגרירט פון אונגארן. איצט געפינט ער זיך אין ראטנפארבאנד. ער האָט אָרגאניזירט דעם „פארבאנד פון אונגארישע רעוואָליוציאָנערע שרײַבער" און איז אליין א מיטגליד פון דער אסאָציאציע פראָלעטארישע שרײַבער.

---

די בלוטיקע גאסן-שלאכטן פונעם 23־טן מײַ 1912 י. װעלן פארבלײַבן אף אײביק אין דער געשיכטע פונעם רעװאָליוציאָנערן קלאסנקאמף פון די אונגארישע ארבעטער. אין דעם טאָג איז דער פראָלעטאריאט פון דער אונגארישער הויפטשטאָט, קעגן דעם װילן פון די רעפאָרמיסטישע פירער, ארויסגעטראָטן מיט געװער אין די הענט קעגן דעם קלאסן־הערשאפט פון דער אונגארישער בורזשואזיע און פון די גרויסע ערד־אײגנטימער.

(פון צײַטונגען).

מישעס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן פונקט אזוי, ווי דאָס לעבן פון אסאך אנדערע פּראָלעטארישע קינדער. אין א גרויסער, גרויסער, גרויער שטאָט, וואָס מע ווייסט דאָרט ניט פון קיין שפּריצנדיקע פאָנטאנען, ניט פון קיין אלטע דעמבעס, דאָרטן האלט אין איין רינען פון די דעכער שמוציקע וואסער דורך די אויסגעבויגענע רינוועס.

איידער מישע איז געבוירן געוואָרן, האָט מען אים גערופן ניט אזוי פּאָשעט — מישע. מע פלעג אים זאָגן: „מײַן טײַערער מײַן קלײנינקער מישע", און אז ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל א ריר געטון אונטער דער מאמעס הארצן, האָט מען אים אָנגערופן: „מײַן טײַבעלע, מײַן קליין קעצעלע".

א מאנצביל מיט אראָפּהענגענדיקע וואָנצעס און א פרוי מיט א שײַנענדיקן פּאָנים האָבן אים געכאָוועט אין זייערע טרוימען.

אין א צימער ניט מער ווי עדליק פיר טישן די גרייס, בא א לאָמפּ מיט א געלן אבאזשור, האָט מישע צום ערשטן מאָל דערזעען די ליכטיקע וועלט. דער פאָטער זײַנער, א הילפלאָזער מענטש, מיט אראָפּהענגענדיקע וואָנצעס, איז געזעסן אײַנגעקאָרטשעט אין קיך לעבן אויוון, און אז ער האָט שוין מער ניט געקענט פארטראָגן דאָס קרעכצן, וואָס איז דערגאנגען אהער פונעם צימער, האָט ער א ריס געטון פון זיך דעם קאָלנער, און גענומען לויפן אהין און צוריק איבער דער קלײנער קיך. און אין צימער איז אף א ריין בעט געלעגן מישעס מוטער, א בלייכע

ווי קרײַד, און האָט מיט א קרעכץ צונויפגעשלאָסן די הענט אירע איבערן קערפּער, וואָס האָט א קײַלעכיקער ארויסגעשפּארט פון אונטער דער קאָלדרע.

שכיינעס מיט געקנייטשטע פּענימער זײַנען געשטאַנען פאר־לאָרענע און האָבן ניט געקענט צוזען, ווי דאָס פּאָנעם בא דער מוטער מינעט זיך פאר ווייטעק, ווי זי בלײַבט ביסלעכווײַז אָן קויכעס.

און אין דערזעלבער רעגע, ווען מישע האָט ארויסגעלאָזט דעם ערשטן געשריי, האָט די מוטער ארויסגעאָטעמט דעם לעצטן אָטעם אירן.

טאקע דיזעלבע מינוט האָט דער מענטש מיט די אראָפּהענג־גענדיקע וואָנצעס מיט א קרעכץ זיך א כאפּ געטון פארן הארצן און איז אומגעפאלן אף די רויטע פליטעס פון דער קיך־פּאָדלאָגע.

א רויטער ווי א קרעפּס איז מישע געקומען אף דער וועלט:

אפן אומגעפאלענעם מענטשן האָט זיך קיינער ניט אומגע־קוקט. א שטיקל צײַט האָט ער זיך געוואָרפן, געדרייט זיך ווי א שלאנג. נאָכדעם איז ער אינגאנצן שטיל געבליבן.

מישעס פאָטער האָט געהאט א שלאָף הארץ: פון קאיאָר ביז שפּעט אין דער נאכט פלעג ער ארומלויפן ארום א גרויסער, גרויסער שוונג־ראָד, די קאָלבנס האָבן גיך־גיך געקלאפּט, און פּונקט אזוי גיך, צום טאקט, האָט אויך געפלאטערט דאָס הארץ זײַנס. די לופט ארום האָט געברענט ווי א וווּנד, און פון די ווינקלען האָבן זיך ארויסגעזעצן די אָפענע קעסלען, אזוי ווי בלוטיקע מײַלער.

איצטער איז ער געלעגן אף די פיר שטיינערנע פּליטעס פון דער קיך־פּאָדלאָגע, אזוי ווי אין א שווארצער ראַם.

און אין צימער איז אפן בעט געלעגן אומבאוועגלעך דאָס ווײַב זײַנס מיט א שמייכל אף די ליפּן.

מישעס מוטער האָט זיך דאָך ניט אזוי געגרייט צו ווערן א מוטער, ווי סע גרייטן זיך אָט א יענע, וואָס אין צווייטן טייל שטאָט. זי האָט דאָך ניט געקענט אויספירן, אזוי ווי יענע, זיך וואַרעמען אף דער זון, ארומשפּאַצירן איבער די פּרעכטיקע אַלייעס, אונטער דער שוץ פון שטאכעטן. מישעס מוטער איז געווען איינע פון אסאך אנדערע קנעכט אף דער פאבריק, און אלע פארטאָג, ווי נאָר מ׳האָט געעפנט דעם טויער, פלעג זי גיין מיט איר קראנקן מאן אין די וואָלקנס גאסן־שטויב צו דער פאבריק.

זומער האָט זי געארבעט אין א פּאַכער־פאבריק, אין אן אײַ־פּעשדיקן קעלער פון א פינפשטאָקיקן מויער, ווי א קאזארמע. דאָרט האָט זי געהאָרעוועט איבער קאָלירטע שטיקלעך פּאפּיר. אז ס׳איז געקומען דער הארבסט, און די פּאָכערס זײַנען פאר־וויאנעט געוואָרן אף די טואלעטן־טישלעך, האָט דער פאברי־קאנט פארמאכט דאָס קלייטל און האָט געעפנט א גליטש אף דעם נאָענטסטן ליידיקן פלאץ.

דער דאָקטער איז געשטאנען אינמיטן צימער, מיט א וואָל־וועלן ניקלענעם זייגער אין די הענט. אין דער רעכטער זײַט איז געלעגן די מוטער, א בלייכע ווי קאלך, און אין דער לינקער זײַט — דער מאן מיט די אראָפּהענגנדיקע וואָנצעס. אין צימער איז געווען שטיל. די שכנים, וואָס זײַנען געקומען צו לויפן האָבן זיך דערשראָקענע צונויפגעקוטשקעט לעבן דער טיר. דער דאָקטער האָט ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט זיך צוגעזעצט באַם טיש און איז אָט אזוי לאנג־לאנג געזעסן. דער־נאָך האָט ער אומבאוווסטזיניק, א פארלוירענער, ארײַנגעלייגט

דעם זייגער אין פידזשאק־קעשענע. ס'איז געוואָרן שטיל. די דריקנדיקע שטילקייט האָט זיך לאַנג־לאַנג געצויגן.

בלויז מישעס שארפער געשריי האָט דורכגעשניטן דאָס שווייַגן פונעם צימער.

---

די קאָרידאָרן, וואָס האָבן זיך געצויגן ארום דעם גאנצן הויז, האָבן געסקריפּעט אונטער די פיס פון די איַינוווינער, אזוי ווי די רעשטאָוואניעס פון א געבייַדע, וואָס בויט זיך. אונטן, אינמיטן דעם הייפעלע, וואָס איז געווען אויסגעלייגט מיט שטיינערנע פליטעס, זייַנען געווען אָנגעגרייט צוויי טראָג־בעטלעך און צוויי טרונעס מיט קרענץ פון רויטע נעגעלעך.

איבער די געדיכטע רייען ארבעטער וואָס זייַנען געשטאנען הינטער די טרונעס, האָט געפלאטערט א וואָלוועלע רויטע פאָן — די פאָן פון דער אָרגאניזאציע. איין ארבעטער איז ארויס געגאַן פון די רייען און האָט זיך אוועקגעשטעלט צווישן די טרונעס. ער האָט אופגעהויבן די הענט אינדערלופטן, אזוי ווי צוויי ציטערנדיקע בייַטשן. זייַן קערפּער האָט זיך א בייג געטון א וואקל געטון איבער דעם פינצטערן האמוין, אזוי ווי א נאָגוואלד־גלאָק. דער כאָר האָט אָנגעהויבן זינגען טיף, טרויעריק, און דער הונדערטקעפּיקער האמוין האָט זיך א וויג געטון, ווי א מוזיקאלער אינסטרומענט, וואָס באוועגט זיך אהין און צוריק. פיר ארבעטער האָבן אופגעהויבן די טרונעס אף די אקסלען, און די פּראָצעסיע האָט גערירט, ווי א לאנגע שלאנג, דורכן שמאָלן טויער.

---

ס'האָט אָנגעהויבן נאכט ווערן. לאנגע שאָטנס האָבן זיך אויסגעצויגן אונטער די לאמטערנס, אין די ענגע ארבעטער־

ווינונגען האָבן איינס נאָכן אנדערן אָנגעהויבן פינטלען קע־ראָסין־לעמפּעלעך. ארום די טישן האָבן זיך אין שטיל־שווײַגעניש געבויגן מענטשישע קעפּ. בלויז אין מישעס דירע האָט קיין לאָמפּ ניט געפינקלט.

עפּעס א באזונדערער אומעט האָט זיך אריינגעכאפּט אין די ווינונגען, ווו די מענטשן האָבן געוווינט, א באזונדערער טרויער האָט, ווי מיט א הײַטל, פארצויגן די היימלעכקײַט און געמיט־לעכקײַט, וואָס זײַנען דאָ פריִער געווען. דער אומעט און דער טרויער האָבן פארוואנדלט זייער עסן אין א מין קויט, וואָס מע קען עס אין מויל ניט נעמען, זיי האָבן צונויפגעמישט די דורכ־זיכטיקע וואסער מיט פעטע פּאָמאָיעס, און אפילו דאָס ברויט, דאָס ווײַסע ברויט, איז געלעגן אפן טיש ניט גערירט, ווי א שטיקל ליים.

דעמאָלט האָבן זיך די פרויען, וואָס זײַנען געקומען אהערצו פון די מאנסארדעס און פון די קעלערס, א לאָז געטון אין דער פינצטערער דירע.

— ווער וועט אריינגיין די ערשטע? — האָבן זיי ציטערנדיק געפרעגט זיך אליין. וואָרעם די, וואָס וועט אריינקומען די ערשטע און וועט ארויסווײַזן די גרעסטע גוטהארציקײַט, די וועט האָבן ווייניקער מיט א ריפּטל ברויט, מיט א זשמעניע לינדזן און ווייניקער מיט א מינוט שלאָף.

און אלע פרויען פונעם גאנצן הויז זײַנען געגאנגען צו מישעס וויגעלע.



דאָרטן טאקע בישכײַנעס האָט געוווינט א שוסטער, א מאָד־נער מענטש, מיט א ווײַב און מיט פיר קינדער.

גאנצפרי, ווי נאָר מע פלעג עפענען דעם טויער, פלעג דער אלטער ארויסגיין אין דער פארטאָגיקער טונקלעניש, ער פלעג שעלטן דעם רעגן, די קעלט, די היץ, ער פלעג שעלטן גאָט און לעסטערן דעם נאָמען זײַנעם.

און פונדעסטוועגן האָט דער שוסטער אין מעשעך פון דרײַסיק יאָר באַזוכט גאָטס הויז. יאָ, אלע טאָג פלעג ער שפּאַנען אהין. ער איז שטענדיק געווען אין הוילער שרעק און פלעג ציטערן, ווי פארן טויט. צו אָט דעם שוסטער איז ארײַנגעפאלן מישע.

גאנצע טעג האָט זיך מישע געבאָרבלט אין מולטער, לעבן ווארשטאט. ווו ס'האָבן זיך געוואלגערט אלטע שיך און עפּעס אָפּגעצינקעוועטע טעפּלעך. ער איז קאַם אלט געווען אכט כאַדאָשים, ווען ער איז ארויסגעקראָכן פון דער מולטער און האָט שטילינקערהייט א פויזע געטון אף אלע פיר צום שוסטערס דרײַפיסיקן בענקל. דער אלטער האָט אזש א ציטער געטון פונעם שאָרך, און דאָס הארץ זײַנס האָט אָנגעהויבן שרעקלעך קלאפּן. ער האָט אָבער מוירע געהאט זיך אויסצוקערעווען. אפן שטערן זײַנען אים ארויסגעטראָטן גרויסע טראָפּנס שווייס.

ער האָט שוין דערפילט א בײַנערדיקע האנט אף זײַן אקסל, ער האָט געהערט א בייזשפּאָטישן געלעכטער הינטער די פּלייצעס...

אָבער, אך־אך! דאָס איז גאָר געווען מישע, וואָס האָט פון אונטער די בענקלעך צו אים ארויסגעשמייכלט מיט זײַן קינדערשן פּענימל. דער אלטער האָט, א דערצאָרנטער, א וואָרף געטון אינעם מאמדזער דאָס שוסטערשע מעסער...

איינמאָל האָט מישע ארײַנגעשטעקט דעם קאָפּ זײַנעם צווישן די שטאכעטן; ער איז שיר ניט דערוואָרגן געוואָרן. דאָס פּאָנעם האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט און איז רויט געוואָרן; א צווייט

מאָל איז ער אַנשלאָפן געוואָרן אונטערן בעט, מיט א גרויס ריפּטל ברויט מיט שמאַלץ אין די הענט, אף שטרוי, וואָס מ'האָט אויסגעטרייסלט פונעם מאַטראַץ. אומעטום האָט מען אים אויס־געזוכט, נאָר ניט דאָ, האָט מען אים טאַקע געפונען ערשט אפן צווייטן טאָג, בעיס מע האָט געקערט דעם דיל.

איינמאָל האָט מען אים, א בלייכן און פאַרשטויבטן, אַרויס־געשלעפּט פון אונטער א קאַצעווס א פּורל.

אינאיינעם מיט אַנדערע קליינע ווישעכעווערניקעס האָט זיך אויך מישע אַרומגעבלאָנקעט צווישן פורלעך מיט גרינס און מיט פּרוכטן, איבער די מערק, אף די יאַרידים און פלעג זיך נערעקן פאַר אן אַרויסגעוואָרפענעם מאַראַנץ, וואָס איז געווען באַדעקט מיט עקלדיקע שימל־פלעקן.

ווען ער איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָט אים דער שוסטער אָנגענומען בא דער האַנט און האָט אים אַוועקגעפירט אין שול אַריין, צו די מאָנאַכן.

דאָרטן האָבן זיך זײַנע קינדער געלערנט, דאָרטן האָט זיך אויך מישע באַדאַרפט לערנען.

אין דער צײַט האָט דער שוסטער אַלץ מער געכריפּעט, אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אָנגעהויבן הוסטן, אַלץ מער און מער האָבן זיך זײַנע קני געבויגן און זײַנע געשוואָלן געוואָרן. זײַנע אויגן האָבן פון די טיפע לעכער אַלץ אויסגעלאָשענער געקוקט אין דער אומענדלעכקײַט.

און אָט איינמאָל האָט דער אַלטער, שטייענדיק אף די קני פאַרן אַלטאַר, אָנגעהויבן זיך אויסטײַנען מיט גאָט, אויסריידן זיך דאָס ביטער האַרץ זײַנס:

— נײַן און פופציק מאָל דרײַ הונדערט פינף און זעכציק טעג בין איך יעדן פרימאָרגן געגאַנגען צו דיר, גאָט! אינדערפרי

האָב איך דיך געזוכט, אפּדערנאַכט האָב איך דיך געשאָלטן. וווּ־זשע ביסטו געווען, וווּ־זשע פלעגסטו זיך אויסבאַהאַלטן?! פאַרוואָס דאַרפן מיר דאָס גאַנצע לעבן אונדזערס דיך זוכן, און דו אַנטלויפסט פון אונדז, ווי די זון?! די סאַמע מינדסטע טרייסט אַפילע קענען מיר דאָך בײַ דיר ניט געפינען. פון קאַיאָר ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך געווען אָרעם, אַזוי ווי אַ בעטלער. און דו, גאָט, האָסט מיך מיט מײַן גאַרניט באַ־לוינט, ווי מיט הונגעריקע מײַלער.

אַזוי האָט געזאָגט דער שוסטער, און מיט אַ קלאָלע האָט ער זיך אויסגעצויגן אפן דיל און איז אויסגעגאַנגען.

און דערנאָך האָט מען דעם אומגליקלעכן אײַנגעוויקלט אין אַ לײַלעך און מע האָט אים אָפּגעפירט אפן בעסוילעם. צוויי אַלטע קליאַטשעס האָבן געשלעפּט דעם וואָגן. אין ב׳איז געקו־מען די צײַט — און פונעם אַלטן שוסטער זײַנען נאָר די ביינער איבערגעבליבן.

——

די יאָרן זײַנען זיך געגאַנגען, און מישע האָט געטרײַ באַזוכט די געבײַדע מיט די גאָטישע פענצטער, וווּ ער האָט געלערנט. און ווען אַלץ זאָל זיך געווען אַזוי ווײַטער גיין, וואָלט זיך אין זײַן לעבן גאָרניט ניט געטראָפן, און די באַרעמהערציקע גאַלאָ־בימלעך וואָלטן פון אים געווען געמאַכט אַ געטרײַען קלויס־טער־דינער.

נאָר מישע האָט געוווינט אין אַ הויז, אַ קאַזאַרמע, צווישן אַרבעטער, מיט זייערע גראָבע רייד, מיט זייערע דונער־שטאַרקע לידער. ער האָט זיך אויסגעלערנט טראַכטן אַזוי ווי זיי, און דעריקער האָט ער זיך אויסגעלערנט זייערע בײַסיקע לידער.

ס'האָט זיך געמאכט אזוי, אז ער האָט אין שול דערציילט זײַנע כאַווערים וועגן דעם אלעמען, וואָס ער איז געווירע געוואָרן אונטער די געדרייטע טרעפ, צווישן גאסן־יונגען, בא דער שײַן פון די פינקלענדיקע פאפיראָסן־פײַערלעך, וואָס האָבן געברענט אין זיי ווי לאמטערנדלעך.

ס'איז קלאָר, אז צו עלף יאָר האָט שוין מישע געהאט זײַן אייגענעם קוק אף זאכן. דעריבער איז גאָר קיין כידעש ניט, וואָס ער פלעג אָפטמאָל אוועקשטעלן די לערערס אין אן אומ־באקוועמער לאגע, און צווישן די קינדערלעך מיט די מאט־ראָסנע גארניטערלעך, וואָס פלעגן ברענגען מיט זיך ווײַס ברויט און פלייש, האָט מען אים שטענדיק באמערקט. ער איז אלעמען גע־ווען גרויס אין די אויגן, ווי עפעס אן איבעריקער, אן אײַנגעגע־סענע בריע,—טאָמער וואָס עפעס, האָט מען באלד געזאָגט אף אים.

נאָך א גרייסע אומאנגענעמלעכקײַט איז געווען אין מישעס לעבן: זײַן מאָגן האָט שטענדיק געבורטשעט פון הונגער, און אָט אָ דאָס בורטשען פלעג אים ניט לאָזן זיך צוהערן צו די שיינע דראָשעס פון די הייליקע פאָטערס. מישע האָט געוואָרפן אויגן אף די קעשענעס פון די קליינע ווינטערדיקע פאלטעס מיט די פוטערנע קעלנערלעך, וואָס זײַנען געווען אויסגעהאנגען אפן הענגער איבער א שורע, און ער האָט שטארק געוואָלט טרעפן, וואָס אייגנס איז פאראנען דאָרטן, אין די געשוואָלענע, אָנגע־בלאָזענע קעשענעס. זײַן לעבן האָט מיטגעבראכט צו דעם, אז די קליינע דארע, בײַנערדיקע הענט זײַנע האָבן זייער פרי זיך אויסגעלערנט גאנווענען.

ער האָט געגאנוועט, ווײַל ער איז געווען הונגעריק, און געהונגערט האָט ער דערפאר, וואָס ער פלעג זײַן טרוקן שטיקל ברויט באקומען, דעריקער, דורך גנייווע.

איינמאָל, ווען זײַנע כאַווערים האָבן, מיט אײַנגענעמענעם געפיל פון א זאטן אָנבײַסן אין מאָגן, זיך ברייט צעזעצט אף זייערע ערטער, האָט ער זיך אָנגעהויבן פּאָרען ארום אין קליינינקן פּאלטאָ, וואָס איז געווען ארומגעזוימט מיט פּוטער.

אָ, וואָס פאַרא שרעק און ס׳אַרא פריייד האָבן א גלישטשע געטון אין מישעס אויגן, ווען ער האָט ארויסגעשלעפּט פון א קעשענע, אן אונטערגעשלאָגענע מיט סאמעט, אן אָנבײַסן, פאַר־וויקלט אין שורשענדיקן פּאַפּיר.

ער האָט אַ שפּאר געטון דאָס קליינע פּעקעלע צו זיך אין קעשענע ארײַן, און דער געשמאקער ווייעך פונעם אָנבײַסן האָט אים געקיצלט אין נאָז.

די גאנצע צײַט האָט ער מיט דער האנט צונויפגעקוועטשט דאָס פּאקעטל; מיט די נעגל האָט ער דורכגעגראַבלט א קליין לעכעלע, געצופּט א פּיצל נאָך א פּיצל, געוואָרפן אין מויל ארײַן און געשלונגען דאָס געשמאקע ברויט. ווי נאָר ער האָט אראָפּגעשלונגען די ערשטע צוויי שטיקעלעך, אזוי האָבן זיך די אויגן בא אים אָנגעגאָסן מיט בלוט, די נאָזלעכער האָבן זיך פאַנאַנדערגעבלאָזן,— ער האָט א כאַפּ געטון דאָס גאנצע ברויט מיטביידע הענט. האָט עס אָנגעהויבן זשעדנע ארומצולעקן און עסן, ווי א הונגעריקע כײַע.

אין דער צײַט האָט דער לערער, וואָס איז געזעסן אף דער קאַטעדרע און געהויבן די אויגן זײַנע צום הימל, מיטאמאָל אָפּגעשטעלט זײַן בליק אפן קינד, וואָס האָט זשעדנע געגעסן. דער גאנצער קלאס האָט, ווי א פּאַרהיפּנאָטיזירטער, נאָכגעקוקט נאָכן לערערס בליק.

פון מישעס מויל איז געראָנגען די סליגע, קיינמאָל אין זײַן לעבן האָט ער נאָך אַזאַ האַנאָע ניט געהאַט, ווי איצטער. אין דערזעלבער צײַט האָט זיך דער מענטש אין דער שוואַרצער ווײַזע א לאָז געטון צו אים, קאַם וואָס מ׳האָט געהערט זײַנע טריט. א מינוט האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אָט באַלד טוט ער א שטעק אַרײַן אַלע זײַנע צען פינגער אין דעם קינדס האַלדז. ער האָט אָבער אַראָפּגעלאָזט זײַנע ווײַסע הענט און א שווײַגנדיקער געבליבן שטיין פאַר מישען, אויסגעצויגן ווי א שטעקן.

מע קען ניט וויסן פאַרוואָס,— צי פאַר שרעק, צי זײַן קליין דערשראָקן האַרץ האָט עס ניט אויסגעהאַלטן,— מישע איז אין כאַלאָשעס אַנידערגעפאַלן אויפן דיל.

דער מענטש מיט דער ווײַסע האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים אַזוי ווי א שוואַרצע פאָן.

——

מישע איז געשטאַנען פאַר דער קאַטעדרע אין א צעכראַסטעט רעקל, מיט א פאַרהגעלט פּאָנעם. און אויף דער קאַטעדרע איז געזעסן דער אינקוויזיטער און געהאַלטן אין די הענט דאָס פּאַפּיר מיט די רעשטלעך פונעם אָנבײַסן.

מישע האָט אָנגעהויבן ריידן און פּאַמעלעך דערציילט וועגן אַלץ: וועגן זײַן נאַוועגאַד זײַן, וועגן די קליינע געניישוועלעך, וועגן אַלע טרויעריקע, האַרצרײַסנדיקע לידער, וואָס ער פלעג זינגען אויפן וועג, גייענדיק פון קלויסטער, אָדער ווען ער איז געגאַנגען אויף דעמאָנסטראַציעס.

און דער באַשולדיקער האָט אַרויסגעטראָגן זײַן פּסק.

— שולדיק. שולדיק זײַנען זיי אַלע: זײַן עלטער־זיידע, זײַן זיידע, זײַן טאַטע. שולדיק וועט זײַן זײַן מאַמזער, זײַן אייניקל.

אז ער האָט גאָרניט — גאַנוועט ער. טאָמער פאַרמאָגט ער יאָ וואָס ס'ניט איז — פאַרלעבט ער עס אײַנגאַנצן.

ער אַרבעט... זײַנען אים די סכירעס קלײַן. אַרבעט ער ניט.. שעלט ער די מעלוכע, גלוסט זיך אים אַ נײַע אָרדענונג, סאָציאַליזם.

— קום אַהער, אַהערצו גײ, נעענטער.

דעם לערערס הייסער אָטעם האָט אַ בלאָז געטון אױפן קינדס בלײכן פּאָנעם.

— קוק מיר גלײַך אין די אױגן אַרײַן.

און זײַן בליק האָט זיך, װי אַ שאַרפע שפּיז, אַרײַנגעשטאָכן אין דעם קינדס אײַנגעפאַלענע אױגן.

— איך װיל הערן די ליד.

מישע האָט זיך פאַרלױרן.

„די ליד, אָט אָ די ליד"... ער האָט נאָר עטװאָס געמאַכט מיט די ליפּן... יאָ, יאָ, ער האָט זיך געסטאַרעט אױספּײַפן. פאַרלײגט די הענט אין די הױזן־קעשענעס, האָט ער אַביסעלע אונטערגעפּײַפט, אָבער די װערטער האָט ער שױן פאַרגעסן... נו, יאָ, פאַרגעסן.

— זאָגסט אַ ליגן, דו נאַרסט מיך װידער אָפּ.

מיט געבעט אין די אױגן האָט מישע געקוקט אַרום זיך, אָבער די כאַװײרים זײַנע זײַנען געזעסן אומבאַװעגלעך אױף זײערע אָרטער. האָט ער זיך דערפילט אַזױ עלנט, אַזױפיל פרעמד אין דעמדאָזיקן גרױסן זאַל, אַז מיטאַמאָל האָט אין אים אַ פלאַקער געטון אַ פלאַם־פײַערדיקער פאַרדראָס און װידערשטאַנד. ס'האָט אים אַ קאָך געטון אינעװײניק, ס'האָט אים פאַרפרעסט דאָס קאָל, גלײַך װי די גדערים װאָלטן אים געשטערט רײדן. די אין קאָפּ האָט געקלונגען. די צונג איז געשװאָלן געװאָרן. די

אויערן האָבן געבּרענט, דער מויעך האָט זיך געדרייט אין רויטן נעפּל.

און ער האָט אָנגעהויבן זינגען — אזוי ווי א קוואל וואָלט א ריזל געטון פון זײַן האַרצן.

אָן אַלטע ליד, וואָס טויזנטער מאָל האָט מען זי געזונגען, און געהערט האָט ער זי אין די פינצטערע הינטערגעסלעך אין דער־צײַט, ווען די באַליִבאַטים פלעגן אין שרעק פאַרמאַכן מיט לאָדנס די פענצטער פון זייערע הײַזער.

—

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך,
די אַלטע אָרדענונג איז אָנמעכטיק שוין לאַנג,
מיר שטרעבן צו א ליכטיקער צוקונפט,
גלײַך נאָך דער פאָן, אונטער וועלכער מיר קעמפן,
גלײַך נאָך דער פאָן, אונטער וועלכער מיר זיגן,
מיר שטרעבן צו א ליכטיקער צוקונפט.

—

גיט ווײַט, גיט ווײַט איז אונדזער זיג...
א טויט די טיראַנען, דער קנעכטשאַפט א טויט,
סע ציגדן זיך שטראַלן פון פרײַהײַט,
דעם גײַסט אָבער קען מען ניט טויטן,
סע צינדן זיך שטראַלן פון פרײַהײַט,
סע לעבט דער רעוואָליוציע־גײַסט, און ער זיגט שוין...

מישע האָט געזונגען, און יענער, דער צווייטער, האָט געקוקט אפן יינגעלע, אף זײַן פאַרוויטלטן פּאָנעם, אף זײַנע בליצנדיקע אויגן... א בייזע אופגעבראַכטקײַט האָט צונויפגעדריקט זײַן האַלדז, און ער האָט זיך א וואָרף געטון אפן קינד.

מיט גרימצאָרן האָט ער אים א האק געטון איבערן פּאָנעם. ער האָט אים אָנגעהויבן שלאָגן פון רעכטס אף לינקס און פין לינקס אף רעכטס.

דאָס קינד האָט אָבער געזונגען אָן אן אופהער, דאָס קאָל האָט בּא אים געציטערט, און אף זײַנע ליפּן איז ארויסגעטראָטן א שוים.

אומזיסט האָט אלעמאָל אן אנדערער געשטופּט די קולעקעס דעם זינגענדיקן ייִנגעלע אין מויל ארײַן, זײַן ליד האָט זיך ארויסגעריסן אזוי ווי א פלאם פון א פײַערדיקן אויוון, און ס׳האָט זיך אויסגעדאכט, אז רייען דעמאָנסטראנטן האָבן זיך פון דער רינגשטראסע ארײַנגעריסן אהערצו.

און צווישן די פּארטעס האָבן די קינדער, אפילע די שטארקסטע פון זיי און די געוואגטסטע, געכליפּעט און אראָפּגעלאָזט די קעפּ אפן טיש.

נאָכדעם האָט מישע נאָר פארגעדענקט, ווי ער איז אין א כמארנע טאָג געלאָפן איבער דער שטאָט, אף א גרויסער, גרויסער אײַזערנער בּריק.

אז ער איז דערלאָפן ביזן וואלד, האָט ער זיך שוין מער ניט געקענט האלטן אף די פיס. אף א רעגעלע האָט ער אן עפן געטון די אויגן, ס׳האָט אָנגעהויבן נאכט ווערן, און שטערן האָבן זיך בּיסלעכווײַז געצונדן אין הימל.

ס׳האָט געבלאָזן א ווינט, שרעקלעך געבלאָזן, און פלוצים איז אף מישען אָנגעפאלן א מידקײַט אף צו שטארבן. מיט גלעזערנע אויגן האָט ער א קוק געטון ארוף, און די בּרעמען זײַנע האָבן זיך פּאמעלעך אראָפּגעלאָזט.

די בּיימער און די שטערן, אין די טיפענישן פונעם טונקל-בּלויען הימל, האָבן אים אָפּגעהיט.

——

אין שפיטאָל פלעג מען די קראַנקע ברענגען צו פירן אין אויטאָמאָבילן. אלץ, וואָס די הויפּשטאָט האָט פאַנאַנדערגע־וואָרפן איבער די גאַסן, אין די אַרבעטער־קאַזאַרמעס, אין די פאָרשטעט, אונטער די בריקן אין אפן וועג, וואָס האָט געפירט צו דער שטאָט, — פלעג מען צושטעלן אַהער אין די טראַסקענ־דיקע, סאַפּענדיקע סאַניטאַרע אויטאָמאָבילן.

און דעם עמעס דאַרף מען זאָגן, אַז פונדאָרטן איז דער וועג געגאַנגען אין אַ ווערטיקאַלער ריכטונג — גלייך אפן הימל.

די גרויסע באַראַק־פּאַלאַטע האָט אויסגעזען אַזוי ווי אַ סקלאַד, פאַרוואָרפן מיט בעטן. אַרום און אַרום, איבערלענג און איבערברייט, אומעטום זײַנען געשטאַנען טישעלעך און בעטן, בעטן — אָן אַ שיר...

זיי זײַנען געווען צעשטעלט אַזוי נאָענט איינס לעם אַנדערן, אַז דאָס אָטעמען פון אַ קינד וואָלט געקענט איבערוואַרפן אַ בריק צווישן זיי.

אף די בעטן זײַנען געלעגן מיט אויסגעלאָשענע אויגן וואַק־סענע פיגורן, וואָס דאָס לעבן האָט פון זיי אַראָפּגעשווענקט די פאַרבן — מענטשלעכער אָפּוואַרף, ניט מער ווי אַ דרײַסיק קי־לאָגראַם די וואָג.

טאַקע אין דער פּאַלאַטע, אין עקסטן ווינקל, אין מייסים־שטיבל, זײַנען ניט אף קיין ווײַטן מעהאַלעך געלעגן לאַזנדיק פּערצן פרישע מייסים. דאָ, אין מייסים־שטיבל, איז אויך מישע געלעגן מיט אַ פלאַמענדיקן פּאָנעם. אָט איז שוין דער זעקסטער טאָג, זינט דער פיבער האָט אים פאַרמאַכט די אויגן און האָט, ווי מיט צוואַנגען, אַרומגעכאַפּט דעם אויסגעמוטשעטן קערפּער זײַנעם. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען בלייך, נאָר די קינבאַקן האָבן געברענט, ווי אַ דורכזיכטיקער קרעל. זײַן קלייניקער

קערפּער איז געווען אײַנגעקוטעט אין גרויסע גרויע שמאַטעס און איבער זײַנע ריפּן איז צו די פּיסלעך, דינע, ווי שטעקעלעך, געראַנגען דער שווייס.

אַזוי איז ער דאָ געלעגן פון דעמאָלט אָן, זינט דער אווטאָ־מאָביל פון גיכע הילף האָט אים צוגעשטעלט צו די טויערן פונעם שפּיטאָל.

די דאָקטוירים זײַנען צוגעגאַנגען צו זײַן בעט, קאַם וואָס מ׳האָט געהערט זייערע טריט.

פונזינט ער איז דאָרטן געלעגן, האָבן זיך שוין אָף די שכײַ־נעסדיקע בעטן זעקס מאָל געביטן די קראַנקע, זעקס מאָל האָט מען איבערגעביטן דאָס בעט־וועש אונטער זיי. אָט אָ די אָרעמע־לײַט האָבן דאָ פאַרבראַכט זייערע לעצטע נעכט אָף ריינע לײַלעכער, וואָס דאָס גאַנצע לעבן האָבן זיי נאָר געטרוימט וועגן זיי. אַז די פאַבריק־קנעכט האָבן זיך אָפּגענוצט אין האָבן שוין צו גאָ־ניט געטויגט, פלעגן זיי אָ דאָ שוין אָף אייביק פאַרמאַכן זייערע אויגן, נאָך איידער די מאַרט־זון האָט באַוויזן צו באַ־לײַכטן זיי מיט אירע שטראַלן.

דאָ זײַנען אויך געווען פויערים, וואָס האָבן געשמעקט מיט ערד, מיט געזונטע הענט, די סאַמע אויסגעמאַטערטסטע פון אַלע, נעבעכדיקע אין אייביק שווײַגנדיקע. געקומען זײַנען זיי פון די דערפער מיט די אייגענע פיס נאָך, מיט בונטע קלומעק־לעך אָף די פּלייצעס.

איינער פון מישעס שכײנים — דער לעצטער — איז געלעגן אָפן בעט, אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג. דאָס פּעדערשטע ווענטל פון זײַן בעט איז געווען אַראָפּגעלאָזט, כּדי ער זאָל קענען אָפן מאַטראַץ אויסציִען זײַן צו לאַנגן קערפּער. דער פיבער האָט געיאָגט זײַן בלוט ביז דער גרעסטער הייך. אַמאָל

פלעג ער זיך אוועקזעצן, און דעמאָלט איז זײַן קאָפּ אַראָפּגעה־
האַנגען פונעם לאַנגן קערפּער. אָט אין אַזאַ מין לאַגע פלעג ער
אויסגלאָצן זײַנע ברייט־צעעפנטע אויגן אויף מישעס ברענענדיקן
פּאָנעם און האָט געמורמלט, קאַם וואָס מ׳האָט געהערט,
אין זיך:

— בײַס. בײַס שטאַרקער... לאָז ניט אָפּ, אַניט — כלאָפּ, און
ער וועט מיר אַרײַנשפּרינגען גלײַך אין גאָרגל.

ערשט נעכטן האָט ער צעפּאַקעוועט זײַן פּעקעלע עסן, גוט
אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען, נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבן
כריפּען, און ס׳איז שוין געווען נאָך אַלעמען...

אים איז אַפילו אויפן זינען ניט געקומען צו מאַכן פון דעם
אַ וועזן. אַז מ׳האָט פון אים אַראָפּגענומען די קאָלדרע, האָט מען
דערזעען, אַז דער קאָפּ זײַנער איז אונטערגעשפּאַרט מיט דער
האַנט, אַזוי ווי אין אַ רויִקן שלאָף, אָט אַזוי איז ער אַוועק
פונעם לעבן.

אַנקעגן מישען איז געלעגן אַ שוואַרצאַרבעטער, אַ סלאָוואַק;
די גאַנצע צײַט האָט ער געהאַלטן אין איין באַהאַלטן געקאָכטע
קאַרטאָפליעס אונטערן קישן. איידער מע האָט געמאָסטן די
טעמפּעראַטור, פלעג ער אַרונטערלייגן די קאַרטאָפליע אונטער
דער פּאַכווע, אַז זי זאָל מיט איר וואַרעמקײַט אויפהייבן דעם
קוועקזילבער אינעם טערמאָמעטער. ער האָט עס געטון מיטן
מיין און מיט דער האָפענונג, ער זאָל קענען פאַרבלײַבן אָ דאָ,
אין דעם „ריינעם אָרט", ביז פרילינג, ווען ס׳וועט זיך ווידער
אָנהייבן דער בוי־סעזאָן. ער האָט געוויינט און געציטערט פאַר
שרעק, טאָמער וואַרפט מען אים אַרויס פונדאַנען אויף דער גאַס,
און גאַנצע טעג האָט ער געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דעם,
דערציילן אויפן אויער די האַלב־טויטע מענטשן, און בעטן באַזונד

פונעם דאָקטער האָט ער אזוי געכריפּעט און געהוסט, אז אפילע דער גרייז־גרויער פּראָפעסער האָט געקנייטשט דעם שטערן.

און אלע האָבּן שוין געוווסט, אז באלד ווי דער פּראָפעסער וועט אוועקגיין, וועט דער סלאָוואק אָנהייבּן געבּן אָנצו־הערענישן די ערשט אָנגעקומענע קראַנקע, אז ער עסט גערן אוף די רעשטלעך, וואָס די קראנקע לאָזן איבּער באם וואָרעמעס.

און דער סלאָוואק פלעג באקומען די גרעסטע טייל פון דעם גאנצן עסן, וואָרעם ס׳איז שטענדיק געווען מערער אזעלכע קראנקע, וואָס האָבּן שוין ניט געקענט צוטראָגן דעם לעפל צום מויל.

לעבּן דעם סלאָוואק איז געלעגן א דינער ארמענער. זיין פּאָנעם איז שוין געווען ניט גרעסער פון א קולעק. זיינע פיס זיינען שוין געווען געשוואָלן, נאָר ער האָט אלץ גערעדט וועגן פּרילינג, וואָס וועט אים שטעלן אף די פיס. ער האָט דערציילט וועגן אָקעאן, וועגן גרויסע, פּילשטאָקיקע שיפן, וואָס ס׳איז אף זיי פאראנען אזויפיל מילך, אייער און פלייש, אז די קעכערס ווארפן ארויס די רעשטלעך גאנצע עמערווייז פאר די וואלפישן.

בא אלעמען איז גערונען די סלינע, און ס׳האָבּן זיך געהערט זיפצן, אזוי ווי א געבּעט, געווענדעט צום הימל.

— אך, ווען מיר זאָל געלינגען אוועקצופאָרן!..

— אמעריקא איז א געבּענטשט לאנד. סע רינט מילך און האָניק!..

און דאָ איז מען זשעדנע אפילע טרוקן ברויט.

און די געשטאלטן פון הויז־באלעבאטים, קרעמערס, זשאבּ־דארמישע וואכמיסטערס האָבּן אריינגעקוקט צו זיי דורך די גרינע

לאָדן־גראַטעס, און בא איינעם פון זיי האָט זיך ארויסגעריסן א
ייִעשדיקער אויסגעשריי:

— אבי פונדאַנען פּאַטער ווערן!

— דאָרטן וועט אלץ זײַן אנדערש!..

נאָר א צווייטער האָט צעקוועטשט די ארויסגעריסענע ווער־
טער, אזוי ווי א וואַנץ:

— דאָרט פליִען די מיליאָנערן אף מאַלאָכימישע פליגל און
ווישן אָפּ דעם שוויס פון די ארבעטער מיט קיפּאַריסן־צווײַגן.

— כאַ־כאַ־כאַ!..— האָבן זיך אלע הויך צעלאַכט.

בא צווייען האָט זיך געלאָזט דאָס בלוט דורכן האלדז.

דאָס מאַכט ניט אויס.

מאָרגן וועט אלצדינג זײַן אנדערש.

— אוי, אוי, איך ווער דערשטיקט...

דער זייגער — וואָס גייט עס דען אָן דעם זייגער? — האָט זיך
אויסגעקלאַפּט בײַן.

דורך דער טיר האָט זיך ארײַנגערוקט א האַנט און האָט
אויסגעשפּרייט אף זיי אלע פּכאָדים פון דער פינצטערער נאַכט.

דער, וואָס וועט בלײַבן לעבן, קען מאָרגן הערן ווײַטער.

---

ס׳איז נאָך געווען גאָר פרי, ווען מישע האָט זיך אופגעכאַפּט
פונעם טאַראַכקען פון דער מייסים־פור. אף דער פור האָט מען
אוועקגעפירט א לאַגגן פויער, געראָטן אין א שטעקן, אײַנגע־
וויקלט אין טאַכריכים.

מישען איז ווידער פינצטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט
געוואָלט אופשטיין, זיך אָנכאַפּן פארן לעבן, נאָר די ביינערדיקע
האַנט האָט אים ווידעראַמאָל א שטויס געטון אין די אָרעמס
פונעם פיבער.

אייגנטלעך, האָט אָט אָ דער פיבער־אַנפאל געדויערט סאַכאַקל א שאָ—צוויי. דער קערפּער האָט שוין אויסגעטיילט פון זיך די גיפטיקע אויסדאַמפונגען און האָט זיך אָנגעהויבן פאַריכטן.

און אַז ער האָט נאָכאַמאָל געעפנט די אויגן, — האָט א שטאַרקע, א פרישע אינדערפריִענדיקע לופט אַרײַנגעשטראָמט דורכן ברייט־צעעפנטן פענצטער.

דאָס שכײנעסדיקע בעטל איז ווידער געווען פאַרנומען. אויף די ווײַסע קישנס איז געלעגן אין אָנמאַכט א פאַרצניאָריק ייִנגל.

אַרום בעט האָבן זיך אָנגעבויגן די דאָקטוירים. זיי האָבן אַרונטערגערוקט זייערע הענט אונטער דעם ייִנגעלעס ריפּן, און א טיפער, קרענקלעכער זיפץ איז אַרויסגעפלויגן פון זײַנע ליפּן.

דאָס קינד האָט מען אָפּגעטראָגן אין אָפּעראַציע־זאַל.

דער אָפּעראַציע־זאַל... די מענטשישע אָפּשניצלעך, וואָס וועגן צו דרײַסיק קילאָ, זײַנען פאַרציטערט געוואָרן. פאַר זייערע אויגן האָבן א שווינדל געטון, ווי וווּנדערבאַרע גרילן, בלישטשענדיקע, קאַלטע שטאָלענע מעסערס מיט ציינדלעך, און טאַקע דאָ, ווי א מעווע מיט פאַנאַנדערגעשפּרייטע פליגל, דער אָפּעראַ־ציע־טיש.

אין דער טיפער שטילקייט האָט זיך אויף די נאַכט־טישלעך אָפּגעקילט די שיטערע קאָפע, און אויפן קליינעם סלאָוואַקס פענימל האָט געברענט א העלע, ניט קיין געמאַכטע פיבער־רויטקייט. ער האָט זיך צונויפגעדרייט אויף זײַן בעט, אַרופגעצויגן די גראָבע קאָלדרע, וואָס שמעקט מיט דעזינפעקציע, איבערן קאָפּ און אויסגעצויגן די פיס אַרויף. גלײַך ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצײַגן, צי פאַרמאָגט ער זיי נאָך, די פיס. צי ניין. נאָר אַפילו פון אונטער דער קאָלדרע האָט מען אויך געהערט, ווי סע קלאַפּן בא אים די ציין. אומזיסט האָט ער

שטארק צוגעדריקט די הענט צום הארצן, — סע האָט אלץ שטאר־
קער געפלאטערט אין זײַן ברוסט.

און אָט האָט זיך געמאכט אזוי, אז ווי נאָר מ׳האָט פארלאָשן
די לאָמפּן, איז דער סלאָוואק ארויסגעשפּרונגען פון דער טויט־
שטילער פּאלאטע. מיט א פיבערדיקער רויטקײַט אף די באקן
און מיט א קליין פּעקעלע אין די הענט איז ער אריבערגע־
שפּרונגען איבער די גראטעס פונעם שפּיטאָל. זײַן הארץ האָט
געקלונגען, אזוי ווי א גלאָק, וואָס רופט צונויף אף דער ארבעט,
און אין צעטראָגנקײַט איז ער געלאָפן צווישן די קאלך־גריבער
צו די הײַזער, וואָס האָבן זיך אין דער פינצטערניש געהויבן
צום הימל.

— —

צו מישען איז פאר דער גאנצער צײַט קיינער ניט גע[illegible]ן
געוווירע ווערן. דעם אלטן שוסטערס ווײַב האָט א ז[illegible] צ[illegible]ר
קוועטשט מיט די רעדער אף דער היגער אײַזנבאן־ליניע, בעשאס
זי האָט אין איר ברויט־קאָשעקל צונויפגעקליבן די צעשאָטענע
קוילן. די קינדער האָט מען צעשיידט, אָפּגעגעבן אין יעסוימים־
הײַזער, און די גאנצע פאמיליע איז צעזייט געוואָרן.

דעמזעלבן אָוונט האָט מישע דערהערט א שטילן זיפץ פונעם
בעט, ווו ס׳איז געלעגן דאָס יינגעלע, אײַנגעוויקלט אין וואטע
און אין בינטן. די אײַלנדיקע דאָקטוירים האָבן מיט זיך מיט־
געבראכט דעם רייעך פון יאָד און עפיר. די בארעמהערציקע
שוועסטער האָט עפשער א האלבע שאָ געהאלטן די האנט באם
קינדס דייפעק. ער האָט געקלאפּט שוואך און ניט ריכטיק, אזוי
ווי אן אומרו, וואָס האלט בא אָפּשטעלן זיך. און אָט־אָ דער ניט
ריכטיקער ריטם, וואָס האָט זיך צומאָל איבערגעריסן אף עטלעכע
רעגעס, האָט אָנגעפילט די גאנצע פאלאטע.

די שוועסטער איז אוועקגעגאנגען, און דאָס ייִנגעלע האָט, ווי פונעם שלאָף, געעפנט די אויגן:

— ווו בין איך?!

מישע האָט אים ווייך א שעפטשע געטון:

— דו ביסט אינדערהיים, אין א ווארעמער קיך, מיט א געשמאקן רייעך פון ברויט, מיט א שטילער לאָמפּן־שײַן.

דאָס ייִנגעלע האָט א שמייכל געטון, פול מיט ביטערער פאראכטונג.

— אינדערהיים,— האָט ער א קרעכץ געטון,— ביסט משוגע געוואָרן, צי וואָס? זאָג דעם עמעס, ווו בין איך, און ווער ביסטו אזוינער?!

— מיר זײַנען אין שפּיטאָל, און איך בין דײַן שאָכן,— האָט מישע פארשעמט געענטפערט.

און ווידעראמאָל א שטילער, מידער געלעכטער.

— א שאָכן... סע קלינגט אזוי היימיש...

און ווידער שטיל, נאָר וואָס מ׳הערט דעם ייִנגעלעס אָפּגעגריסענע קרעכצן...

— איך מיין, אז איך שטארב...

— דאָס איז מעגלעך. איך אליין בין שוין אויך געוועזן א טויטער,— האָט ערנסט מישע געזאָגט.

האָט זיך יענער צעלאכט און א טיפן זיפץ געטון.

— דו ביסט געוועזן טויט? ביסט מעשוגע, צי וואָס?

— דאָס איז בעסאכאקל א טיפער אָפּגרונט. ווען דו דערפילסט, אז די פיס דײַנע באוועגן זיך ניט און לאָזן זיך אראָפּ, ווי אין א גרוב מיט וואפנע, דעמאָלט...

— דעמאָלט?..— האָט א פרעג געטון דאָס ייִנגעלע מיט שטארק צעעפנטע אויגן.

— דעמאָלט איז א טיפער אָפּגרונט. פּונוויבּן שיטן זיך אהין די גאנצע צײַט מענטשן, אזוי ווי א שטראָם פאלנדיקע שטערן. דערנאָך ליגן זיי דאָרטן, אונטן, טיף, טיף. אפן סאמע דעק. זיי ליגן דאָרטן קופּעסווײַז, אזוי ווי די גארבּן. זיי וויגן זיך אין רייען, אזוי ווי א בּרויט־פעלד.

— דאָס איז אינטערעסאנט!

— ניין. דאָרט איז אן אומהיימלעכע שטילקײַט. זיי האלטן זיך אלע אזוי, גלײַך ווי זיי זײַנען שוין געשטאָרבּן; זייערע הענט, פונקט אזוי ווי די האָר זייערע, הענגען נאָך און וויגן זיך.

יענער, דער צווייטער, האָט הייזעריק און זיך פארכלינענדיק א פרעג געטון:

— און דו האָסט דאָרטן קיינעם ניט בּאגעגנט?

— דעם שוסטער. בּא אים האָבּ איך זיך אופגעהאלטן, דאָרט איז ער אויך געווען בּייז. אזוי ווי שטענדיק. ער האָט צונויפ־געדריקט דעם ציילעם, וואָס איז געהאנגען בּא אים אפן לײַבּ אונטערן העמד, אָבּער אזוי — פונקט ווי ער וואָלט אים וועלן ארויסשלײַדערן, נאָר ס׳האָט אים קיין קויעך ניט געקלעקט, און ער האָט אים אין טויט־קראמף צונויפגעדריקט אלץ שטארקער און שטארקער...

— פארוואָס האָסטו מיט אים ניט א רעד געטון?

— ער וואָלט אלצייגס ניט געענטפערט. אפילע ווען ער האָט געלעבּט, פלעג ער אויך ניט ענטפערן. אָט מיט זײַן פרוי, וואָס איז דאָרטן אויך געלעגן, האָבּ איך יאָ גערעדט.

— עמעס?!

— יאָ. פארשטייט זיך. זי איז געלעגן דאָרטן, און אפן הארצן איז בּא איר געלעגן א קליין קופּקעלע קוילן, און דאָס מויל אירס איז געווען צעבּלוטיקט און צעשלאָגן.

— אזוי...

— עמעס, עמעס. איך האָב זי א פרעג געטון: „ס׳איז גוט אזוי צו ליגן?״ האָט זי געענטפערט: „גוט״. — „און פארוואָס איז בא דיר דאָס מויל פארבלוטיקט?״ — „דערפאר וואָס א לאָקאָ־מאָטיוו איז עס איבערגעפאָרן״. — „און די מענטשן האָבן גאָר־ניט אויסגעווישט, איידער זיי האָבן צוגעדעקט די טרוגע מיטן דעקל?״ — „ניין!״ — „אָבער פארוואָס־זשע ניט?״ — „זיי האָבן געהאט זייער אסאך געשעפטן. זיי האָבן אפילו פארגעסן מיר מײַנע ווונדן צו פארבײַען״... און ערשט דאָ האָב איך באמערקט, אז א גרינער שניט ציט זיך בא איר פונעם בויך צום האלדז.

— דאָס איז געווען א מעס פונעם שפּיטאָל, — האָט עמעצער גלײַכגילטיק א זאָג געטון.

דאָס אָפּערירטע ייִנגעלע האָט אָנגעהויבן שווער צו קרעכצן.

— האָסטו זי גאָרניט געפרעגט, וויאזוי גייט עס איר דאָרטן?

— ניין. נאָר איך האָב אליין געזעען, אז ס׳איז איר גוט. דאָס פּאָנעם איז בא איר געווען רויִק, און די אויגן אירע האָבן די גאנצע צײַט אביסעלע געשמייכלט. איך מיין, אז דאָס איז דער־פאר, וואָס איר איז דאָרטן בעסער, ווי ס׳איז איר געווען דאָ אף דער ערד.

— דאָס קען זייער זײַן.

דאָס אָפּערירטע ייִנגעלע האָט נאָכאמאָל אָנגעהויבן ריידן.

— און א פרוי מיט שטרוי־קאָלירענע האָר און מיט בלייע אויגן האָסטו דאָרט ניט באגעגנט? זי האָט, פארשטייט זיך, געהאלטן אונטער דעם אָרעם א פלאש און האָט געזונגען לידער און האָט פארבראכט מיט מאנצבלען, אקוראט אזוי־ווי באם לעבן?

דאָס יינגעלע האָט זיך עטוואָס אופגעהויבן אפן בעט און ווידער געפרעגט:

— האָסטו זי ניט געזעען?

מישע האָט א שטיקל צייַט געקוקט פאַר זיך, נאָכגעשפּירט נאָך די פּייַערלעך, וואָס האָבן געפינקלט אין זייַן שאָכנס אויגן, און, טאָפּקאָלסאָף, האָט ער מיט א קרעכץ זיך אָנגערופן:

— יאָ, איך האָב זי דאָרט באַגעגנט און האָב זי געהערט זינגען אויך.

דעמ יינגעלע איז געוואָרן גרינגער אפן האַרצן, און ער האָט א טיפן זיפץ געטון.

— דאָס איז געווען מייַן מאמע.

ס'איז געוואָרן שטיל, נאָר דאָס איז ניט געווען די שטילקייַט פון רו. די קראַנקע האָבן זיך געצויגן צום בעט פונעם אָפּעריִרטן קינד און האָבן דערבייַ צונויפגעדריקט מיט די ציטערנדיקע הענט די הייסע טערמאָמעטערס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר זיך.

דאָס יינגעלע האָט ווידער אָנגעהויבן ריידן:

— און ווער ביסטו אליין?

— דער רויטער מישע.

יענער האָט שנייַדנדיק און מיט א קרעכץ זיך צעלאַכט.

— רויי־טער מישע.

מישע איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן.

— יאָ, אזא צונעמעניש האָט מען מיר געגעבן, דערפאַר וואָס איך האָב געזונגען סאָציאַליסטישע לידער.

יענער האָט אף אים פאַרוווּנדערט א קוק געטון און איז אנשוויגן געוואָרן. אין א צייַט אַרום האָט ער ווידער א פרעג געטון:

— וואָס־זשע הייסט עס אזוינס — סאָציאַליסט?
— איך ווייס ניט! נאָר לידער האָבן זיי זייער גוטע. און איך זינג זיי אָפטמאָל, ווען איך גיי שפּעט אפדערנאכט איינער אליין איבער פארוואָרפענע פלעצער. ס'וועדט מיר דערביי אזוי ווארעם, גלייך ווי איך האָב אויסגעטרונקען שטארקן וויין. און דעמאָלט, בעשאס איך זינג אָט די לידער, האָב איך קיין מוירע ניט פאר קיין רוצחים.
— נו, און אז די ליד ענדיקט זיך?
— הייב איך אָן נאָכאמאָל.
ס'איז געוואָרן שטיל. נאָכדעם האָט זיך מישע ווײַטער אָנגערופן:
— און דו ווער ביסטו?
— א גומע־שלינגער, — האָט ער הייזעריק א זאָג געטון.
— איז קײַסטו גומע? — האָט מישע א פארוווּנדערטער געפרעגט. — נו, און איך ווייס עפּעס בעסערס פון דעם. איך וועל דיר גיכער אופעסן א גאנצן וואָגן רעטעך אנשטאָט א ווארעמעס. איידער קײַען גומע. דו ביסט דאָך גאָר א מעשוגענער.
— איך וואָלט זיך אויך ניט געשטעלט עסן... נאָר מע פלעג מיך שטענדיק אײַנריידן, און אז איך ענדיק מײַן אטראקציאָן־נומער, באקום איך גראָשנס. איך מוז אָבער פריִער עפענען דאָס מויל, אלע זאָלן זען, אז איך האָב אים טאקע איינדערעמעסן איינגעשלונגען. און איך האָב עס געמוזט טון, כאָטש קיין כייזשעק האָב איך צו דעם קיינמאָל ניט געהאַט. און אז איך האָב באקומען מײַנע גראָשנס, פלעג מען מיר זאָגן: „ביסט א פײַנער יאַט, באָכער, קום צו גיין וואָס אָפטער". זיי פלעגן זאָגן, אז קיינמאָל האָבן זיי נאָך אזעלכעס ניט געזעען.
— ווי־זשע האָסטו געשלונגען דײַן גומע?

— בא דער מאמען, ווען ס׳פלעגן צו איר קומען די מאַנצבלען. זי האָט זיך פאר זיי באַרימט מיט מיר און פלעג זאָגן: „אפילע גומע קען ער שלינגען“. פלעגן זיי מיר צוזאָגן גראָשנס, אבי איך זאָל זיי ווייַזן, ווי אזוי איך שלינג. און איך פלעג טייקעף מאסקים זייַן, ערשטנס, קעדיי צו ווייזן זיי, אז איך קען טאקע אינדערעמעסן שלינגען, און נאָך מער צוליב דעם, זיי זאָלן פון מייַן מאמען ניט לאכן.

— וואָס־זשע האָסטו געטון מיטן געלט?

— אכט פעניג פלעג איך טייקעף אויסגעבן, און פאר צוויי פעניג פלעג איך קויפן נייַע גומע, איך זאָל מיר שטענדיק האָבן אין זאפאס.

— און דער בויך האָט דיר גאָרניט וויי געטון?

— נאָך א מין, ניט איינמאָל האָט ער זיך אופגעבלאָזן. אָבער איך האָב געקלערט, אז דאָס נעמט זיך דאָך אלץ נאָר פון דער גומע.

— פארוואָס־זשע האָסטו ווייַטער געשלונגען?

מישע האָט זיך הויך צעלאכט.

— ווייַל איינמאָל אפדערנאכט האָט די מאמע אויסגעטרונקען אגאנצע גלאָז ליזאָפאָרם און איז אנידערגעפאלן אפן דיל. אינעם צעטעלע, וואָס זי האָט איבערגעלאָזט אפן טיש, האָט זי אָנגע־שריבן, אז דאָס לעבן געהער די שטארקע, און זי איז א שוואכע. און פון יענער צייַט אָן פארדין איך מיר אף ברויט דערמיט, וואָס איך שלינג גומע.

איך בין ארומגעגאנגען איבער די קאפע און האָב פאָרגעלייגט די הערן, צי ווילן זיי ניט אָנקוקן, וויאזוי איך וועל איינ־שלינגען דידאָזיקע גומע, — פאר דעם האָב איך זי גוט צעקנייטשט מיט די הענט. זיי האָבן געלאכט, און די דאמעס האָבן געזאָגט

„יאָ". דעמאָלט פלעג איך אפּריער אויסרעדן, מ'זאָל מיר געבן צען פעניג. פלעגן זיי מיר געבן, און איך פלעג שלינגען. זיי פלעגן לאכן, עפּענען מיר דאָס מויל און אריינקוקן, צי האָב איך טאקע בעעמעס איינגעשלונגען גומע. איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געוואָלט שלינגען, — און זיי פלעגן זאָגן: „ביסט אן אויסגעצייכנטער יאט, קום צו גיין וואָס אָפטער".

— און דיין בויך פלעג קיינמאָל ניט אָפּגיין?

— אמאָל פלעג ער אָפּגיין און אמאָל פלעג ער זיך ווידער אופבלאָזן, אָבער איך האָב דאָך געקלערט, אז דאָס איז נאָר פון דער גומע אזוי. שפּעטער האָט זיך בא מיר אָנגעהויבן דער קראמף, און איך האָב זיך געקאָרטשעט אף דער ערד, אזוי ווי א פיש, וואָס מע צעשניידט אים לעבעדיקערהייט. נאָר דער הונגער איז געווען ערגער פון אלץ...

האָב איך זיך ווידער אנידערגעשטעלט פאר דער באלוויכטענער קאפע: איינמאָל זיינען אהינצו געקומען צו גיין פיר אירע, די מאנצבלען אין פראקן, און די פרויען אין זיידענע קליידער. און אין די האָר איז בא זיי געווען אריינגעשטעקט צו צוויי פעדערן, נאָר ניט קיין געגנדזענע פעדערן... דאָס זיינען געווען מיינע שטענדיקע צושויער, האָב איך זיי געפרעגט, עפשער ווילן זיי, איך זאָל איינשלינגען די גומע. דער גראָבער הער האָט ארויסגענומען פון קעשענע א שטיק גומע, א הארטע, גלייך ווי מע האָט זי געמאכט פון דימענטענעם פראַשעק, און האָט זיך אָנגערופן: „שלינג, נאָר אָט אָ דעם־אָ!" — דערביי האָט ער ארויסגעריסן בא מיר פון די הענט די גוטע, ווייכע גומע, וואָס איך האָב מיר צוגעגרייט, און האָט זי פארוואָרפן. די איבעריקע האָבן געלאכט און האָבן מיר צוגעזאָגט א מארק, אויב איך וועל אראָפּשלינגען. און צוליבן מארק און צוליבן קאָוועד

פון מײַן מעלאָכע האָב איך אָט אָ די גומע אופגעגעסן... און זײ האָבן באטראכט מײַן מויל, געגעבן מיר א מארק און געזאָגט אזוי: „דו ביסט אן אויסגעצייכנטער יאט, קום צו גײן נאָכאמאָל", און זײַנען זיך מיט א טומל, מיט א ראַש אוועקגעגאַן. פאר גרויס פרייד האָב איך דעם שײנעם זילבערנעם מארק אונטער־געוואָרפן אינעם אויסגעשטערנטן הימל... איך מײן, אז ער איז צוריק ניט אראָפגעפאלן... ס'איז אים בעסער געפעלן געוואָרן דאָרטן, צווישן די שטערן, האָט ער זיך פּאָשעט מיט זײ באזעצט. איך האָב אים געזוכט, געזוכט, — וווהין האָט ער זיך געקענט פארקײַקלען? פּלוצים האָט אָנגעהויבן גיסן א רעגן, און בעיס איך בין אָט אזוי געקראָכן איבערן אספאלט אהין און צוריק, האָב איך דערפילט א שרעקלעכן ווייטעק אין די ריפּן, ווי גלײַך מע האָט מיר ארײַנגעשטעקט אהין א קינזשאל און אים עטלעכע מאָל איבערגעדרייט, נאָכדעם איז עס מיר פארגאַן אין מאָגן, אין הארצן, אין גאָרגל, אין מויעך ארײַן ביז דער מיט פּלייצע. איך האָב געגרעוועט פאר ווייטעק. אָבער דער שטארקער רעגן האָט פארטויבט מײַן שטים. איך האָב זיך פארשלעפּט צו א רינווע, האָב אונטערגעשטעלט דעם הייסן קאָפּ אונטער דעם שטראָם וואסער, און מיטאמאָל האָב איך דערפילט, ווי א שארף מעסער האָט זיך מיר ארײַנגעשטאָכן אין הארצן און האָט מיך צוגעשמידט צום טראָטואר.

אז דער גומע-שלינגער האָט פארענדיקט דערציילן, האָט ער זיך מיט א טיפן זיפץ אראָפּגעלאָזט אף די קישנס, וואָס זײַנען געווען נאס פון שווייס.

מישע האָט זיך שוין לאנג איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ, האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט אונטער איר און האָט ביטער געוויינט.

אינדערפרי האָט זיך מישע אופגעכאפּט, דערהערנדיק אַ שרעקלעך קרעכצן. אַ דערשראָקענער האָט ער זיך אויסגעקערעוועט אין יענער זײַט, — דאָס קרעכצן איז געגאנגען פונעם גומעשלינגערס בעט. ער איז געלעגן אויסגעצויגן, מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, יעדערס ווי אַ זילבערנע מאטבייע די גרייס, און מיט אַ פארהויבענעם קין. מישעס הארץ האָט אָנגעהויבן קלאפּן, אזוי ווי אַ באגוואלד־גלאָק: נאָר קיין וואָרט, קיין איין וואָרט האָט זיך בײַ אים ניט ארויסגעריסן.

ער האָט ווידער ארופגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ, ס׳האָט אים געקלאפּט אַ צאָן אין אַ צאָן, כאָטש ס׳איז געווען שרעקלעך הייס. ס׳האָבן זיך דערהערט שטילע טריט. נאָכן שאָרשען נאָך פונעם קלייד האָט זיך מישע אָנגעשטויסן, אַז צום גומע־שלינגער איז צוגעגאנגען די בארעמהערציקע שוועסטער. לאנג־לאנג האָט זי זיך דאָס מאָל פארהאלטן לעבן דעמדאָזיקן בעט...

דערנאָך האָבן זיך די רויִקע טריט דערווײַטערט, און אָט האָט מען זיי שוין אינגאנצן ניט געהערט. מישע האָט נאָך אלץ ניט געפּוילט בײַ זיך ארויסצושטעקן דעם קאָפּ פון אונטער דער קאָלדרע. ער האָט געטראכט וועגן די ארויסגעטראשטשעטע אויגן און די שרעקלעכע קרעכצן פונעם גומע־שלינגער, וואָס האָבן זיך נאָך אלץ געהערט פון זײַן בעט. און פּלוצים איז ער אופגעשפּרונגען פונעם ראש פון דער שירמע, וואָס מ׳האָט צונויפגערוקט.

צוזאמען מיט די טריט פון דער בארעמהערציקער שוועסטער האָט ער דײַטלעך געהערט, ווי ס׳האָבן זיך געקײַקלט די גומענע רעדלעך, וואָס אויף זיי זײַנען געווען אײַזערנע רעמלעך מיט לײַוונטענע שירמעס באצויגן. מ׳האָט זיי אוועקגעשטעלט צווישן זייערע בעטלעך.

נאָר מישעס הארץ איז געווען שווער צו באַרויִקן מיט א לייַוונטענער שירמע. דאָס האָט אזוי שרעקלעך געקלונגען אין מישעס קאָפּ.

און ביסלעכווייַז האָט זייַן באַוווּסטזייַן ארומגעכאַפּט א זיכער־קייַט, אַז איצטער וועט שוין גאָרניט העלפֿן, אז איצטער איז שוין זייַן רייַ אויך געקומען.

מיטאמאָל איז זייַן גאנץ קורץ לעבן דורכגעלאָפֿן אין זייַן מויעך. אלצדינג איז פאר אים דורכגעגאנגען. ער האָט זיך אויך דערמאנט אין יענעם גרויסן, גרויסן מאניאַק, וואָס מע דערציילט וועגן אים געוויינטלעך אין די קלויסטערס, אין די אויסגעווייַסטע שולן, אין די שפּיטאָלן, דורכגעזאַפּטע מיטן רייעך פון בלוט, וועגן דעם, אז ער איז זיך נויקעם ביזן זיבעטן דאָר אין די, וואָס דערוועגן זיך ניט צו גלויבן אין אים. ער האָט זיך שטענדיק פאָרגעשטעלט אָט אָ דעם גרויסן שרעקלעכן זאָקן עפּעס אזויווי א באגאזלעטן און דערפאר א צעבייזערטן קאצעוו.

אקוראט, ווי דער קאצעוו אפן ראָג פון דער שמאָלער גאס, אָבער נאָך א בייזערער, א הארטערער פון אים. און פּלוצים האָט זיך אים אויסגעדאכט, אז פון ערגעץ — פון די דעכער, פון די קוימענעס און טעלעגראַפן־סטויפּעס — בייגט זיך דער קאצעוו מיט דער לאנגער באָרד אריבער איבער אים און כאַפּט אים, ווי א שטויבעלע, פארן גאָרגל מיט זייַן האנט, א נאקעטער ביזן אקסל. מיט דער צווייטער האנט פארוואַרפט ער א גרויסע, שאַרפע האק איבער זייַן קאָפּ, און הינטער אים זייַנען צעהאנגען אין אומענדלעכע רייען, אף גרויסע, בלישטשענדיקע האקנס קעלבלעך מיט אויסגעשטאָכענע אויגן. ער האָט אראָפּגעריסן פון זיך די קאָלדרע, און ס'האָט זיך בּא אים ארויסגעריסן א ווילדער געשריי, א געשריי פון איימע.

די בארעמהערציקע שוועסטער האָט א גלעט געטון מישעס נאסלעכן קאָפּ.

— וואָס איז מיט דיר, קינד מײַנס?

דער גוטער פּרויס אויגן האָבן געשײַנט איבער אים, אזויווי פּײַערלעך, וואָס רופן צום לעבן.

און מישע האָט זיך ניט געקענט אָפּרײַסן פונעם מידן פּאָנעם, פון די שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן, און אים האָט זיך געגלוסט פארהאלטן זיי פאר זיך ביז אינדערפרי.

די בארעמהערציקע שוועסטער האָט ווידעראמאָל א גלעט געטון מישען איבערן פּאָנעם.— שלאָף, ייִנגעלע, ס'איז נאָך פרי,— און די בלויע אויגן זײַנען פאר מישען אויסגעלאָשן געוואָרן, ווי א בענגאלישער פײַער.

ס'האָט זיך אויגעדאכט, אז אין שפּיטאָל איז איצטער אינ־גאנצן שטיל געוואָרן, נאָר פלוצים האָט זיך פונעם הויף דער־טראָגן ניט קיין קלאָרער ראַש און איז ארײַנגעדרונגען דורך די האלב־אָפענע ווענטילירנדיקע פענצטער. ס'איז אויסגעקומען אזוי ווי מ'עפנט אינדערנאָענט ערגעץ א שווערן טויער. און ווירקלעך, דורך דער טיר פונעם מייסים־שטיבל האָט מען ארויס־געפירט אפן הויף א טראָג־בעטל, אף נידעריקע רעדלעך, מיט שווארצע טראָג־רימענס, וואָס האָבן געפּאָכט אזוי ווי פּאָנען. דאָס פורל האָט טויב געדונערט מיט א בײזער זיכערקײַט. ס'האָט זיך געקײַקלט איבערן קאָרידאָר, וואָס איז געווען אויסגעפלאס־טערט מיט מאָזאיִק, איז צוגעפאָרן צו דער שוועל פון דער פאלאטע און האָט זיך שטיל, אומבאוועגלעך אָפּגעשטעלט לעבן דעם גומע־שלינגערס בעט.

דאָ און דאָרט האָבן זיך אף די בעטן אופגעהויבן דערשראָ־קענע שאָטנס.

— נאָך וועמען איז געקומען דאָס פּורל?

דערזעען די שירמע, האָבן זיי זיך עטוואָס באַרויִקט.

איצטער האָבן אַלע שאַרף געקוקט אין דער זייט פון דער שירמע, וואָס הינטער איר האָט זיך אין דער דורכגעזיפּטער פרימאָרגן־שײַן אָנגעהויבן א שפּיל פון שאָטנס.

קיינער האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגעלאָזט, נאָר אַלע האָבן געזען, ווי צוויי ברייטע שאָטנס זײַנען אַרויסגעטראָטן אַפן פּאַן פון דער אָנגעצויגענער שירמע, וויאַזוי די צוויי שאָטנס האָבן מיט צעשוווּמענע הענט אויפגעהויבן פונעם בעט א מעס, אײַנגעוויקלט אין לײַוונט.

מ'האָט קאַם־קאַם געהערט דעם גאַנג פון די רעדלעך, דער־נאָך האָט זיך דערטראָגן אַהער א טויבער סקריפּ פונעם מיי־סים־שטיבל.

און גלײַך נאָך דעם איז געוואָרן טויט־שטיל. אין עטלעכע מינוט אַרום, גלײַך ווי ס'איז גאָרניט פאָרגעקומען, זײַנען גע־קומען די ראַמערנס און האָבן מיט בערשטלעך, אַרומגעוויקלטע מיט נאַסע שמאַטעס, אויסגעקערט דעם דיל פון דער פּאַלאַטע.

---

פון יענעם טאָג אָן זײַנען מישעס געדאַנקען געפלויגן אַף יענער זײַט שטיינערנע ווענט, צו די ריזיקע טיפענישן פון שטאָט.

יאָ, ער האָט געפילט, אַז בלויז דאָרטן איז ער אויסער סאַ־קאָנע, דאָרט האָט ער קיין מוירע ניט פאַרן קאַצעוו מיט דער לאַנ־גער באָרד, נאָר דאָרטן וועט ער זיך קענען פון אים אויסדרייען אין די אַרבעטער־רייען מיט די רויטע פאָנען קען מען אפילע אַרויסטרעטן קעגן אים.

ער האָט ווידער געלאַכט, געשמייכלט צו די דאָקטוירים, געווען צופרידן, וואָס זיי ווערלן אים גיך אויסהיילן; ער האָט

מיט גוואלד געשלונגען דאָס עסן, קעדיי זײַנע פּיס זאָלן וואָס גיכער קענען אים אָפּטראָגן פונדאנען.

אינגיכן האָט ער שוין געקענט ארויסגיין אף דער זוניקער טעראסע, און די לופט, וואָס איז געגאנגען פון די בערג, האָט אים געפרישט זײַן בלייך פּאָנעם. ס׳האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ריידעס וועגן דעם, וויאזוי אים ארויסצושרײַבן פונעם שפּיטאָל, און ס׳איז געווען געוועדנדעט באָר אין דעם, ס׳זאָל זיך אָפּזוכן עמעצער, וואָס זאָל קענען נעמען מישען.

ביסלעכווײַז האָט ער פארגעסן דעם אומגליקלעכן גומע־שלינגער, דעם קאצעוו מיט דער לאנגער באָרד און דאָס טראָג־בעטל, וואָס קײַקלט זיך אינדערפינצטער.

נאָר ווען די בארעמהערציקע שוועסטער האָט אים געזאָגט, אז מע וועט אים פון שפּיטאָל ניט ארויסלאָזן, ביזוואנען ס׳וועט זיך ניט אָפּזוכן עמעצער פון זײַנע פרײַנט, איז ער אומעטיק געוואָרן.

מישע האָט זייער גוט געוווסט, אז אין דערדאָזיקער גרויסער וועלט איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל צוליב אים א ריר טון מיט א פינגער.

אזוי איז עס טאקע געווען.

טעג זײַנען געגאנגען, און אין דער גרויסער שטאָט האָט זיך ניט געפונען אזא, וואָס זאָל ארויסווײַזן דעם מינדסטן אינטערעס צו מישען.

און אָט איינמאָל האָט אים די בארעמהערציקע שוועסטער געזאָגט, ער זאָל זיך קלײַבן אין וועג: מאָרגן וועט קומען א דינער פונעם יעסוימים־הויז, און פון איצט אָן וועט דאָס יעסוי־מים־הויז זײַן זײַן היים.

אומזיסט האָט די גוטע שוועסטער דערציילט מישען וועגן דעם גרויסן סאָד, וואָס באם יעסוימים־הויז, וועגן די זונטיקדיקע

זיסע יאגעדעס־פלעצעלעך; מישע האָט געזעען פאַר זיך א גרויע לאַגע שערענגע קינדער, וואָס האָט זיך לאַנגווײַליק געשלענגלט פונעם טויער פונעם יעסוימים־הויז, ער האָט געזעען די בלאַסע, טויטע קינדערשע פּנימער, די קלייניניקע געפאַנגענע, וואָס מע האָט בא זיי אין נאָמען פון ליבע אָפּגעראויבט יעדער סימען פון ליבשאַפט: קלײנינקע פאַרשפּאַרטע נעשאָמעס. זיי האָבן בעייסן לאַנגווײַליקן שפּאַציר ניט געוואַגט אינדערהייך א וואָרט אויס־צוריידן, זיך א שפּיל טון אין גאַס אין פּילקע, און אז מוטערס אײַנגעוויקלטע אין שאַלן, האָבן זיי דערזעען, פלעגן זיי שטאַר־קער צודריקן צו זיך זייערע צעשויבערטע קינדערלעך.

נאָר מישע האָט זיך ניט געשטעלט וואַרטן, ביז מע וועט אים אָף א צײַמל אָפּפירן אין דער גרויסער גרויער טיורמע־צו די אָנצאָליקע גרויע שעפּעלעך.

קאַיאָר האָט ער זיך ארויסגעגליטשט אין פּאָדערצימער, ווו ס׳זײַנען געשטאַנען נומערירטע שאַפעס מיט די קליידער פון די קראַנקע; מיט א האָרנאָדל, וואָס ער האָט אוועקגעשלעפּט בא דער פרײַנטלעכער, גוטער שוועסטער, האָט ער אופגעעפנט די שאַפע, וואָס דאָרטן איז געלעגן זײַן קליין פּעקעלע, האָט אפגיך צונויפגעדרייט זײַן ביסל גוטס און איז אריבערגעפלויגן איבערן הויכן פּלויט.

ווי פּריש און שמעקנדיק איז געווען די לופט פון יענער זײַט פּלויט! א פרישער פרימאָרגן־ווינט האָט זיך דערטראָגן פון די בערג, און אז ער האָט מיט ניט קיין זיכערע טריט א לויף געטון אראָפּ, האָט ער דערפילט, ווי די וועלדער בוקן זיך צו אים.

איבער די בערגלעך האָט געלאַכט אן אַפּרעל־פרימאָרגן. און אויבן, איבער די רייען ווילעס, וואָס ציִען זיך איבער די בערג־לעך, האָט געפּינקלט די זון. מישע האָט געהירזשעט, ווי א יונג

לאָשעקל, א פארשיקערטער פון פרייד. הינטער די בערגלעך האָט זיך ארויסגעזעען א צוג מיט א רויכיקער גריווע, און מישען האָט אָנגעכאפּט א שטארקער ווילן א יאָג טון זיך נאָך אים און זיך אָנהענגען אף זײַנע בופערן. נאָר דאָרט האָט זיך צעלייגט דאָס מעכטיקע בעט פונעם דונײַ מיט דער שלאנקער בריק, א דינער ווי א האָר, און ווײַטער איז געלעגן פּעשט. און פון דער צווייטער זײַט — פאָרשטעט, ארומגערינגלטע מיט פאבריק־קוימענס.

אין מישעס יונגן קערפּער האָט א ציטער געטון א קלעמענ־דיקע פרייד.

די באָזלעכער זײַנע האָבן זיך צעשפּרייט, זײַנע אויגן האָבן זיך פארנעפּלט, ער האָט פארגעסן אין די ווילעס, אין די גיגאנטישע בארג־שפּיצן, אין צוג, וואָס קריכט ווי א שלייערל, אין דעם מעכ־טיקן טײַך, אין די שלאנקע בריקן, און ער איז אוועקגעלאָפן צו דער שטאָט־צו.

די טראמוויַען האָבן געקלונגען, פונויבן האָט געזשווישעט, געשיפּעט און געפינקלט דער עלעקטרישער שטראָם. פון רעכטס און פון לינקס זײַנען כוואליעסווײַז געלאָפן אווטאָמאָבילן, און א געווימל פון שטיקנדיקן בענזין־רייעך האָט זיך געדרייט אין דער לופט.

מישע איז געבליבן הענגען אף א בופער פון א ברוינעם טראמווײַ־וואגאָן און איז אוועקגעפלויגן אין שטאָט ארײַן.

לעבן די גרויסע געבײַדעס פונעם וואָקזאל האָט דאָס לעבן געבושעוועט. געל־ברוינע טראמווײַ־וואגאָנען האָבן מיט א טראסקערײַ און מיט שנײַדנדיקע שארפע סיגנאלן ארומגע־שמײַעט אהין און צוריק. אווטאָמאָבילן האָבן געהודעט, פורלעך האָבן זיך צונויפגעסטאָמפּעוועט פון אלע זײַטן און האָבן זיך צעשאָטן אין אלע זײַטן. און פונעם וואָקזאל איז ארויסגערונען

א געדיכטער שווארצער מענטשן־שטראָם. צעצווייַגנדיק זיך אין אלע ריכטונגען, האָט ער זיך אלעמאָל צעגאָסן אין נייַע שטראָמען אינעם פלאָנטער פון די טראַמוויי־וואַגאָנען און עקיפּאַזשן, וואָס האָבן הילפלאָז געקלונגען, געפּייַפט, ארומגעיאָגט און זיך אלע ווייַלע אָפּגעשטעלט.

אפן אומענדלעכן שטעך, אף וויפל מישעס אויגן האָבן נאָר געקענט פארכאפן, אף די ראַנדן פון די טראָטוארן זייַנען געשטאַנען הויכע באַסניאַקעס *), באַהאַנגען מיט פארשיידענע בונטע זאכעניש, הענדלערס מיט אלערליי נאַשערייַען, מיט פּעסקעס אף די קעפּ, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו קנאַקן מיט די צינגער; לידל־מאכערס, וואָס האָבן געלויבט אין טאָג אַרייַן זייער פּראָדוקציע, וואָס אַרבעט אויס די בעסטע מיטלען ארויס־צונעמען פלעקן, שאַרפשטיינער און גומענע ציין־שפּיצלעך. מישע האָט זיך ניט געקענט זאַט אָנקוקן אין דעם אלעמען. עפּשער א האַלבע שעה איז ער געזעסן אף א מעטאַלענעם סטויפּ און האָט גיריק ארייַנגעכאַפּט אין זיך אָט אָ דעם גאַנצן טומל. ווען ס׳איז אָנגעקומען א צוג, האָט אים דער האַמוין, וואָס איז ארויסגע־גאַנגען פונעם וואָקזאַל, אַראָפּגעשלייַדערט פון זייַן נידעריקער אייַזערנער זיצעלקע, אָבער ער האָט זיך קימאַט מעכאַניש ווידער ארופגעדראַפּעט אף זייַן אָרט און האָט אף קיין איין רגעלע ניט אַראָפּגענומען זייַנע אויגן פון דער רינגשטראַסע, וואָס איז געווען פארשאָטן מיט מענטשישן מאָן. ס׳קען זייַן, אז ער וואָלט אַט אַזוי אָפּגעזעסן ביזן סאַמע אָוונט, ווען די הויפּשטאָט זאָל פאַר אים ניט געווען אַנטדעקן אירע וווּנדער.

מיטאַמאָל האָט זיך די רויִק־שטראָמענדיקע רינגשטראַסע צעווירבלט, צונויפגעדרייט זיך, אַזוי ווי געראָנענע מילך.

*) אייַנוווינער פון באָסניע.

פון דער אנקעגנדיקער זײַט האָט זיך דערהערט א ווילדער געשריי, און אין א מינוט ארום האָט זיך אלץ געלאָזט לויפן אין אומאָרדענונג צו דער בריק־צו. — האלט אים, — האָט געשריִען א מענטש אין א פאָלירטן צילינדער און מיט אונטערגעקאטשעטע הויזן, וואָס האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך א מענטשן אָן א היטל, אין אן ארבעטער־העמדל.

מישע האָט פון זײַן אָרט געזען דעם פארפאָלגטנס צעריי־סענע, צעפּאָרענע שיך און דעם אָפּגלאנץ פון דער זון אף זײַנע הויזן. די גאנצע גאס איז אים נאָכגעלאָפן, געשריען ווי א כײַע, גלײַך ווי זי האָט זיך געיאָגט נאָכן פארלוירענעם גליק.

אף מישען, וואָס האָט געזען די גאס פונויבן, האָט דאָס אלץ געמאכט אן אײַנדרוק פון א מעכטיקן מענטשן־שטראָם, וואָס רײַסט זיך אין א גיגאנטישן וואסער־פאל.

עטלעכע מינוט האָט מישע, ווי א פארקישעפטער, געקוקט אף דעם קאָפּשווינדלדיקן געיעג, דערנאָך האָט ער זיך א וואָרף געטון אינמיטן דעם צעווילדעוועטן מענטשן־שטראָם.

ער איז געווען איבערגליקלעך, ווען ער האָט דערזען, אז די מאסע „פארפאָלגער", וואָס האָט זיך געריסן צום לויפנדיקן מענטשן, האָט מער ניט ווי געוואָלט אים פארגרינגערן דאָס אנטלויפן, און זײַנע אײנציקע סאָנים זײַנען געווען בלויז צוויי שפּיקן מיט גלאנציקע שליאפּעס, וואָס זײַנען געלאָפן פונפאָרנט, און נאָך עטלעכע פּאָליציי־לייט, וואָס זײַנען געקומען צו לויפן פון זייערע פּאָסטנס און וואָס דער האמוין האָט זיך געסטארעט צו פארשווערן זיי די פארפאָלגונג, צו פארסטאָמפּעווען זיי דעם וועג.

— גיכער... הינטערן ראָג... צי אָפּ... טערמעניקעס! אָט אויס־ווורפן! פוי, פוי... — האָט זיך אלץ צאָרנדיקער און צאָרנדיקער געטראָגן אינעם האמוין.

ס׳האָט זיך געדאכט, אז אָט־אָט וועט זיך דער פארפאָלגטער אָפּראטעווען און, אריבעריאָגנדיק זיי אַף א פּערציק מעטער, וועט ער פארקערעווען הינטערן ראָג.

נאָר פּלוצים האָט זיך פון הינטער די ערשט ניט לאנג אויס־געפארבטע שטאכעטן פון א קאפע־טעראסע, ווי א שלאנג, וואָס איז גרייט צו לאָזן די גיפט, ארויסגערוקט א ברוינער שטעקן און איז געפאלן דעם פארפאָלגטן אונטער די פיס.

דער האמוין האָט ארויסגעלאָזט א געשריי, אזוי ווי פון א זעץ אין איין גרויסן הארצן אריין.

— היט זיך! פארקערעווע...

ס׳איז שוין אָבער געווען שפּעט. דער אנטלאָפענער איז א פאל געטון אפן אספאלט, און איידער נאָך דער האמוין האָט פארשטאנען, וואָס דאָ טוט זיך, זיינען אונטערגעשפּרונגען די שפּיקן און האָבן אין איין אויגנבליק ארײַנגעוואָרפן דעם אומ־געפאלענעם אָנמעכטיקן מענטשן אין אן אווטאָמאָביל, וואָס האָט די מינוט געגעבן א פאָר אונטער.

א בייזער גרימצאָרן האָט זיך ארויסגעריסן פונעם האמוין, אזוי ווי פון איין מויל.

הונדערטער פויסטן האָבן זיך טייקעף א צי געטון צום בירזשע־אגענט, וואָס איז געשטאנען, ווי א זיגער, אַף דער טעראסע, און האָט געשמייכלט.

ס׳האָט ניט געדויערט קיין צוויי מינוט, ווי דער גראָבער באלעבאָס פונעם ברוינעם שטעקן איז געלעגן אין א ריטשקע בלוט, צווישן ברוכווארג פון טישן און בענקלעך.

אז מישע האָט זיך ווידער אומגעקוקט, האָט זיך דער האמוין צעשאָטן. אפן ברוק איז ניט געווען קיין לעבעדיקער נפש. אַף דער טעראסע איז געלעגן דער שטעקן, א באשפּריצטער מיט

בלוט, און צווישן די אָנגעוואלגערטע בענקלעך — דער באַלעבאָס זײַנער, א צעהאַרגעטער ביז טויט.

אין א ווילדן גאלאָפּ האָט זיך איבער דער גאנצער ברייט גאס דערנעענטערט א מאכנע פּאָליציי־רײַטער. מישע איז געשטאַנען ווי א צוגעשמידטער אינמיטן דער גאס, אף א קלײנער פירעקעכיקער שאָסיי־פּליטע.

ס'האָט זיך נאָך געהערט דער געשריי פונעם האַמוין, וואָס האָט געשלאָגן די פענצטער, די שרעקלעכע כוואַליע, האָט זיך אויסגעדאַכט, איז גאָר נאָענט...

אין דער מינוט האָט זיך די פּאָליציייִשע אַטאַקע א לאָז געטון אף מישען.

—

אַז מישע איז אופגעשטאַנען, איז אף דער רינגשטראַסע געווען א טויטע שטילקייט, די טויערן זײַנען געווען פארשפּאַרט און די זון איז געשטאַנען שוין אַסאַך נידעריקער.

וווּהין וועט ער איצטער גיין? אף וועלכער גאס? אין וועלכן פון די אָנצאָליקע הײַזער? אַלע זײַנען זיי געשטאַנען אַרום אים אַזעלכע פרעמדע, אַזוי פארגליווערט, אַזוי גאַדלעסדיק.

ערגעץ אין דער טונקלעניש האָט דורכגעשאַלט א סירענע פון אַן אוטאָמאָביל „גיכע הילף“. דערנאָך ווײַטער אַמאָל דאָס ניט קלאָרע, אַלץ שטילערע טופּען פון די פּאָליציייִשע פערד, וואָס קערן זיך אום אַזוי ווי פון א גוט אָפּגעטונענער אַרבעט.

מישע האָט פּאַלנדיק פון די פיס זיך אוועקגעשלעפּט פאָרויס און האָט סאָפּקאָלסאָף פארקערעוועט היגטערן ראָג.

—

א קליין געסעלע האָט אַרומגערינגלט דעם וואָקזאַל און האָט געפירט דורך דער שמוציקער אײַזנבאַן־בריק צו א טונעל. מישע

האָט באַגעגנט מענטשן, וואָס האָבן זיך אופגערעגטע געזאַמלט גרופּעסווײַז אונטער די טונקעלע לאַמטערנס, האָבן וועגן עפּעס שטילערהייט און סוידעסדיק גערעדט.

מישע האָט זיך גלײַך דערפילט רויִק צווישן אָט אָ די קליינע גרופּעס מענטשן, גלײַך ווי ער איז צווישן אייגענע טאַטע־מאַמע. אפילע די בײַלן פון די פערדישע טלאָען האָבן שוין ניט אַזוי שרעקלעך ווי געטון, אפילע דער הונגער האָט ניט אזוי צונויפ־געדריקט די ווענטלעך פון זײַן מאָגן. ער האָט גאָרניט ניט געזעען, כוץ דידאָזיקע שרײַענדיקע מענטשן מיט די ברענענ־דיקע אויגן, און פּלוצים האָט ער דערפילט אַרום און אַ באַקאַנטע ווייכע וואַרעמקײַט. ער האָט געהערט זייערע גע־שרייען, זייערע קלאָלעס: זיי האָבן גערעדט וועגן דעם אַרעס־טירטן אַרבעטער, ווי וועגן איינעם פון די בעסטע כאַווײרים. פּלוצים האָט עמעצער אויסגעשריגן:

— כאַווײרים, קומט, לאָמיר גיין צו די מעטאַליסטן!

און טייקעף האָט זיך דער גאַנצער האַמוין אַ שאָט געטון איבער די קליינע געסלעך און איבער די גרויסע גאַסן. קליינע כוואַליעס האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט גרויסע, קליינע מענטש־שישע ריטשקעלעך האָבן זיך אַרײַנגעגאָסן אין אַן אומענדלעכן שטראָם. וואָס נעענטער די אַרבעטער־מאַסן זײַנען צוגעגאַנגען צו זייער ציל, אַלץ גיכער האָבן זיך באַוועגט זייערע פיס, אַלץ פּיבערדיקער האָט געקלאַפּט בײַ זיי דער דייפּעק. דאָרטן, אין עק גאַס, איז אַלץ געווען שוואַרץ פון מענטשן, און די מענטש־שישע טײַכן, וואָס האָבן זיך צונויפגעגאָסן פון פאַרשיידענע זײַטן, האָבן זיך באַגעגנט אונטער די קלאַנגען פון אַ שטורמי־שער ליד פאַרן הויז פון די מעטאַליסטן.

מישע האָט עס ניט געקענט איבערטראָגן, ער האָט אײַנגאַנצן

געפּײַערט פון דער אופרעגונג, וואָס האָט ארומגעכאפּט זײַן געשאָמע, און ער האָט זיך צעוויינט. עטלעכע מענטשן, וואָס זײַנען געשטאנען לעבן אים, האָבן פּאָטערלעך אויסגעשטרעקט צו אים די הענט, און אז ער האָט זיי אָנגעוויזן אף זײַנע פיס, קעדיי צו פארבאהאלטן די עמעסע סיבע פון זײַנע טרערן, האָט זיך א טוץ פויסטן אופגעהויבן אינדערהייך. צוויי שטארקע הענט האָבן אים אופגעהויבן אינדערהייך און געהאלטן איבער די קעפּ פונעם גרויסן, אומענדלעכן האמוין.

— זע, זע, אלע װעלן זיי זיך נויקעם זײַן פאר דעם־אָ...

מישע האָט געקוקט אפן גרויסן האמוין מענטשן: אף אלע־מענס פּעניִמער איז געווען איינער און דערזעלבער אויסדרוק, איינער און דערזעלבער קוק, אלציינס צונויפגעדריקטע פויסטן; ס׳זײַנען אָבער ניט דורכגעגאנגען קיין עטלעכע מינוט, און די אָרדענונג צווישן די ארבעטער־רייען איז צעשטערט געוואָרן. מע האָט נאָך געהערט די לעצטע ווערטער פונעם רעדנער, די צונויפגעדריקטע פויסטן האָבן זיך שוין אראָפּגעלאָזט, און דער האמוין האָט אָנגעהויבן זיך צעגיין.

א הויכער, ברייטפּלייציקער מענטש האָט ווידער אוועקגע־שטעלט מישען אף דער ער האָט אים ארײַנגערוקט אין דער האנט ארײַן א שיינעם רו׳טן עפּל און איז אוועק נאָך די איבעריקע.

ס׳האָט זיך געדאכט, אז עפּעס אן אומרו האָט אים ארומגע־כאפּט, ער איז געגאן מיט ניט קיין זיכערע, ניט קיין פעסטע טריט, נאָר צום סאָף איז ער נעלעם געוואָרן אין דער ווײַט.

די הײַזער האָבן געשלונגען די מענטשן, דער נעפּל פון דער טונקלקײַט האָט געשלונגען די הײַזער, און מישע איז פארבליבן איינער אליין אין דער נאָגנדיקער נאכט־פינצטערניש.

סאָפּקאָלסאָף זײַנען אַרום דעם „פּאַריין פון אײַזן־און מעטאַל־ארבעטער" פאַרבליבן בלויז די ביימער און די גאַס־לאַמטערנס; און אינגיכן זײַנען די לאָמפּן אין די הײַזער אויך אויסגעלאָשן געוואָרן. גרויע און פינצטער זײַנען געשטאַנען די געבײַדעס, וואָס זײַנען ביז איצט געווען אַזוי פול מיט לעבן. דער אָוונט איז געווען אַ פינצטערער און אַ נעפּלדיקער, ווי בכלל די אָוונטן אין די גרויסע שטעט.

מישע האָט שאַרף אַ קוק געטון דורך די גראַטעס פונעם טויער אויף דער פינצטערער געבײַדע. אַז ער האָט אַלצדינג פאַרשטאַנען, האָט זיך אים זײַן האַרץ צונויפגעפּרעסט, און ער האָט ווידער דערפילט די סימאָנים פון טלאָען אויף זײַנע פיס. אָט ערשט האָט אַרום אים געראָדערט אַ טויזנטקעפּיקער אופגערעגטער האַמוין, ער איז געווען ווי אַ קערעלע פון אַן עפּל אין אַ וואַרעמען, פליישיקן פרוכט, ער האָט פאַרגעסן אין הונגער, קעלט און ווייטעק. און איצטער, אַז ער איז געבליבן אייגער אַליין, האָבן זיך אַלע ווונדן זײַנע ווידער צעעפנט.

ער איז געווען מיד. מיטן העל־רויטן עפּל אין האַנט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד טראָטואַר, נאָר די ציין זײַנע האָבן זיך געגליטשט איבער דער האַרטער שאָלעכץ פונעם פרוכט ער האָט געגאַרט נאָך אַ צאַרטער וואַרעמקײַט, אָבער אַנשטאָט דעם זײַנען אַרום אים אַרומגעשווומען פײַכטע שטיקער נעפּל.

זײַן קאָפּ האָט זיך פאַמעלעך אַראָפּגעלאָזט אויפן האַרצן. נאָר די שווערקײַט אין קאָפּ האָט אים באַלד צוריק אופגעוועקט. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן קאַלטן ברוק און האָט זיך צוגעטוליעט צו אים מיטן שטערן. אין האַלבן דרימל האָט ער זיך אַביסל אַ רוק געטון, האָט זיך צוגעשפּאַרט צום גאַז־לאַמטערן און איז ווידער אַנשלאָפן געוואָרן מיטן רויטן עפּל אין האַנט.

דער הױכער ברײטפּלײציקער מענטש מיטן לעדערנעם פּאַרטעך, מיט װאָנצעס, פֿאַרשאָטענע מיט מעל, — װײַל אַף דער דעמאָנסטראַציע איז ער געגאַנגען גלײַך פֿון דער מיל, — האָט אין דעם אַפּדערנאַכט ניט געקענט רויִק אײַנזיצן אינדערהײם. זײַן האַרץ איז געװען אומרויִק, — די גאַנצע צײַט האָט אים געשװינדלט פֿאַר די אױגן דאָס בלײכע פּאָנעם פֿונעם מאָגערן ייִנגעלע.

ער האָט אים אַרײַנגעשטופּט אין דער האַנט אַרײַן דעם בעסטן עפּל פֿון די אַלע. װאָס ער האָט פֿאַרמאָגט בײַ זיך אַפֿן פֿענצטער, און פֿון די גרויִע קינדערשע אױגן האָט צו אים אַרויסגעקוקט אַזאַ מין צאַרטקײַט, אַזױנע לײַדן.

איצטער האָט ער זיך שױן מער ניט געקענט אײַנהאַלטן. ער איז אַװעק צוריק צום „פֿאַרײן פֿון אײַזן־און מעטאַל־אַרבעטער". ער איז געגאַנגען און האָט זיך אַלײן אַף אַ קאָל אײַנגערעדט, אַז דאָס גײן זײַנס איז אומזיסט — אינעם געדיכטן נעפּל האָט מען אַף דרײַ שפּאַן פֿאַר זיך גאָרניט ניט געקענט זען. סאָפּקאָל־סאָף האָט ער געעפֿנט דאָס מויל אַרױף צו טון דאָס ייִנגעלע באַם נאָמען, אָבער טײקעף האָט ער זיך דערמאַנט, אַז ער האָט אַפֿילע ניט קײן פֿרעג געטון בײַ אים, װיאַזױ ער הײסט.

א ייִעש האָט אַרומגעכאַפּט דעם מענטשן מיט די װאָנצעס פֿאַרשאָטענע מיט װײַסע מעל. ער האָט אָנגעהױבן צופּן זײַנע װאָנצעס, אַזױ אַז דאָס װײַסע מעל האָט זיך פֿון זײ אַ שאָט געגעבן, האָט אָנגערוקט טיפֿער איבערן פּאָנעם דאָס היטל, און אַ פֿאַרזאָרגטער זיך אַנידערגעזעצט אַפֿן ראַנד טראָטואַר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צװישן די קני. ער האָט זיך ניט געקענט מוחל זײַן, אַלעמײַ האָט ער דאָס ייִנגעלע, װאָס אין זײַן סאַמע לעבן־באַגינען האָבן אים די פּאָליצײישע פֿערד שױן געטראָטן מיט די

טלאָען, איבערגעלאָזט איינעם אליין ארומבלאָנקען אין דער כאשכעס און נעפל, אָן הילף.

און ס'האָט זיך גראדע אזוי געטראָפן, אז בא דעמזועלבן גאז־לאמטערן, אפן ראנד פון דעמזועלבן טראָטואר, איז פון איין זײַט געשלאָפן דער מילנער מיט די ווײַסע וואָנצעס, פון דער צווייטער — מישע, מיטן רויטן עפל אין דער האנט. ביידע אונטער איינעם און דעמזועלבן גאז־לאמטערן.

נאָר ביידע זײַנען געווען אויסער דער שײַן, וואָס איז אין א קרײַז געפאלן פונעם לאמטערן, ביידע אין דער אומענדלעכער נעפלדיקער טונקלקײַט.

———

ארום האלבע נאכט איז דער נעפל צעזייט געוואָרן. און ביידע זײַנען געשלאָפן אפן ראנד טראָטואר, די קעפּ אראָפּגעלאָזט.

א פרישן ווינטל האָט א בלאָז געטון. ס'האָט פארטשעפּעט די שפּיץ וואָנצעס באם מילנער, און די לעצטע מעל־שטויבעלעך זײַנען פון זיי אראָפּגעפלויגן. דער מילנער האָט געעפנט די אויגן, און זײַן קוק איז פריער פון אלץ געפאלן אפן שלאָפנדיקן קינד. ער האָט זיך גוטמוטיק צעשמייכלט, האָט אײַנגעוויקלט דאָס ייִנגעלע אין זײַן פארטעך און אוועקגעטראָגן אים צו זיך אהיים.

———

דאָס אײַזערנע אייוועלע מיט די ברענענדיקע קעצענע אויגן איז געווען ניט גרעסער פונעם קליינעם קינד, וואָס איז געשטאנען אין ווינקל. די לופט האָט פריילעך ארײַנגעבלאָזן אין אייוועלע, און ארום דעם אייוועלעס קײַלעכיקן בויך האָבן געפלאקערט רויטע שטראלן. דאָס איז געווען א וווּנדערלעך אייוועלע. מישע האָט זיך קאם דערוואַרט, דער מילנער זאָל אים ווײַזן אלע כידושים פונעם קליינעם צימער.

דער ניט גלאַטער שטרויענער מאַטראַץ האָט געהאַלטן אין דער ברייט קנאַפּע צוויי פוס. דער אַלטער האָט אָבער קונציק צעטיילט דעם געלעגער. מישע האָט זיך אוועקגעלייגט צופוסנס, און ער אַליין — צוקאָפּנס.

דער בלויער קעראָסין־לאָמפּ, וואָס איז געהאַנגען אונטער דער סטעליע, האָט זיי פּריינטלעך באַגאָסן מיט זיין ליכטיקער שיין. דאָס קיך־טישעלע און דער געקאָוועטער קאַסטן, וואָס לעבן טישל, האָבן געדינט פאַר ביידן. אויף דער וואַנט איז געהאַנגען אַן אָפּגעקראָכן בילדל, און מ'האָט נאָך אויסגעזען אויף דעם אַן אָפּגעבליאַקעוועטע בלאַס־רויטע פאָן, וואָס פלאַטערט איבער א האַמוין.

ס'איז געווען זונטיק, אַזוי אַז קיין אַרבעט איז ניט געווען; דער אַלטער האָט צעקעמט אין ביידע זייטן זיינע וואָנצעס און האָט אויפגעעפנט דעם געקאָוועטן קאַסטן.

ווי אין א טיפן, טיפן ברונעם, האָט מישע אַן אויפגערעגטער אַריינגעקוקט אין קאַסטן, וואָס האָט געשמעקט מיט שימל. נאָר דאָרט איז געלעגן בלויז אַן אַלט רענצל, א פאַרזשאַווערטע האַק און א קופּקעלע צעשאָטענע ערד. אָ דאָס זיינען עס טאַקע געווען אַלע אוצרות פונעם גרויסן קאַסטן.

מישע האָט געטרוימט, אַז אָט באַלד וועט דער אַלטער אַרויסנעמען פונעם קאַסטן וווּנדערלעכע קינדערשע זאַכן. צום סאָף איז דער אַלטער אויפגעשטאַנען און האָט געהאַלטן אין דער האַנט בלויז א הויפן ערד.

— נאָר אָט אָ דאָס־אָ, נאָר אָ דאָס־אָ איז פון אַלצדינג פאַרבליבן.

און מישע האָט געזען, ווי באָם אַלטן האָט זיך דאָס פּאָ־נעם איינגעקאָרטשעט, און אויף די אויסגעבלייכטע בלאַסע באַקן

האָבן זיך פון אונטער די וויִעס אראָפּגעקײַקלט צוויי טריבע טרערן.

— טו א נעם אָ דאָס־אָ, וועג עס אָפּ, וועג אָפּ אקוראט, — האָט געזאָגט דער אלטער מילנער און האָט אריַינגעשאָטן דעם הויפן זאמד צו מישען אין קעשענע ארײַן, אזוי געהיט, אזוי ווי ער וואָלט אים געגעבן א הויפן גאָלד.

— מערער קען איך דיר גאָרנישט ניט געבן.

מישע איז געזעסן אפן שטרויענעם מאטראץ מיטן הויפן ערד אין קעשענע, און דער אלטער מילנער אקעגן אים, אפן קאסטן. מיטאמאָל האָט ער אויסגעוויזן מישען אזוי אלט און באטריבט, אז דעם ייִנגעלעס הארץ האָט זיך צונויפגעפרעסט פאר ראכ־מאָנעס און פּיַין.

און פאמעלעך האָט דער אלטער אָנגעהויבן ריידן.

מישע האָט זיך אָן אָן אָטעם אריַינגעשטאָכן מיט די אויגן אין דעם אלטן מילנערס דינע, פארמעטענע ליפּן.

און פּונקט אזוי ווי דורכן פענצטער פון א לויפנדיקן צוג צעוויקלט זיך א בילד, אזוי איז אויך פאר מישעס אויגן פאר־בײַגעגאנגען דאָס גאנצע לעבן דעם מילנערס.

— פרילינג איז די ערד געווען איינגאנצן א נאקעטע, — האָט דער אלטער אָנגעהויבן, — א שליימיקע, א באשאָטענע מיט שטיינער, הוילע בלאָטע, — נאָכדעם ווי ס׳איז אָפּגעפאלן די פארפלייצונג. די קליינע נאָכלאָעס, — בעשאס מ׳האָט זיי פאנאנ־דערגעטיילט, האָט מען וועגן דעם געמאכט א שוויַיג, — זיַינען געלעגן נידעריקער, איידער די פּריצישע פעלדער, פּונקט אין די גרענעצן פון פארפלייצונג. מיט א יאָר פריִער האָבן מיר מיט די פּריצים בעשוטפעס אויסגעבויט א דאמבע, דערפאר וואָס דאָס געוויסער האָט יעדער יאָר געדראָט אונדז אראָפּ־

שווענקען אינגאנצן. און אָט אין דעם יאָר, אז ס'איז אָנגעקומען די פאַרפּלייצונג, האָבן די דאמבעס אָפּגעשטעלט איר אָנגריף, און פאַר אסאַך אָרעמע מענטשן איז עס געווען א גרויסע פרייד.

אָבער סאָפּקאָלסאָף האָט זיך דאָס וואסער דורכגעריסן, און די זעקסטע נאכט האָט קיינער קיין אויג ניט צוגעמאכט. אַף די דאמבעס האָבן געברענט פייערן, ארום זיי האָט זיך געקליבן דאָס גאנצע דאָרף און געקוקט, ווי מעכטיק דאָס וואסער רוקט זיך אונטער. און אָט איז אָנגעקומען א ידיעה, אז פון שטאָט וועט אָנקומען מיליטער.

— סאפּיאָרן,— האָבן געזאָגט די אָבערדאמער פּויערים,— און וויבאלד סאפּיאָרן, איז שוין קלאָר, אז ניט צו שעפּן דאָס וואסער מיט פּאָלאָנעקעס וועלן זיי קומען.

דער אלטער האָט זיך אַף א מינוט אָפּגעשטעלט, אפּאָנעם, טרייבנדיק פון זיך עפּעס ניט קיין איינגענומענע דערינערונגען, דערנאָך האָט ער געוואָרפן א דערשראָקענעם בליק און א פרעג געטון:

— איז ווו־זשע?..

מישע האָט א טראכט געטון, אז די פראגע געהער צו אים, און ער האָט זיך צונויפגעפרעסט.

אז דער אלטער האָט דערזעען, ווי מישעס פּאָנעם האָט זיך איבערגעביטן פאַר שרעק, האָט ער אָנגעהויבן ווייך צו דערקלערן.

— נו, יאָ,— האָבן יענע, וואָס אַף דער אייבערשטער דאמבע געפרעגט,— ווו וועט זיין דער אופּריס?

אנדערע האָבן טייקעף געענטפערט:

— ווו־זשע, אויב ניט לעם די נאכלאָעס?

— לעם די נאכלאָעס?— האָבן די פּויערים איבערגעפרעגט.

— פארשטייט זיך, אז ניט לעם די פּריצישע פעלדער...

דאָס איז געווען א לאַנגע נאַכט. יעדערער, ווער ס'האָט געהאַט געזונטע הענט, האָט געאַרבעט אויף דער דאַמבע. די מענער האָבן געגראָבן, די פרויען און די קינדער האָבן געשלעפּט די וועגעלעך. קיינער האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אַלע ווײַלע האָט מען איבערגעריסן די אַרבעט און מע האָט געהערט... מ'האָט זיך צוגעהערט צום ראַש און צום פּלעשטשען פונעם צעווילדעוועטן וואַסער.

דער ווינט האָט געבלאָזן, דאָס וואַסער האָט גערעוועט, די גלעקער האָבן יאָמערלעך געקלונגען. אָבער קיינעם איז שוין אין קאָפּ ניט געלעגן צו פרעגן. געענטפערט האָבן בלויז די לאָפּעטעס, און די וועגעלעך האָבן יאָמערלעך געקלונגען.

פּלוצים האָט זיך דערהערט א שאַרפער וויבערירנדיקער טרישטשע. די קאָלאָנעס אַרבעטנדיקע זײַנען געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך. די פרויען מיט די וועגעלעך אין די הענט האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיך צוגעהערט, די קינדער האָבן צעעפנט די מײַלער. אָבער ניין, דאָס וואַסער האָט עס ניט געקענט זײַן. ס'האָט אויך ניט געקענט זײַן די דאַמבע, וואָרעם אין אַזעלכע פאַלן ווערט זי נאָר דורכגעריסן מיט א לאַנגן קרעכץ, אַזוי ווי א גויסעסער, וואָס געזעגנט זיך מיטן לעבן. עפּשער זײַנען דאָס געווען די „סאַפּיאָרן"?.. וועגן דעם האָט קיינער ניט געוואַגט אַפילו א קלער צו טון, און אַלע האָבן זיך נאָך מיט א גרע־סערער קראַפט א כאַפּ געטון ווידער צו דער אַרבעט.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַן אויפרײַס, וואָס האָט צע־טרײַסלט דעם גאַנצן הימל. און גלײַך נאָך דעם האָט די וואַסער זיך צעראַשט מיט א שרעקלעכן רעווען. די לאָפּעטעס זײַנען צוגעזאָטן צו די הענט, די פיס זײַנען אײַנגעזונקען געוואָרן אין דער שליימיקער ערד.

אין דער צײַט זײַנען געקומען צו לויפן מענטשן פון דער אייבערשטער דאמבע.

— זיי שיסן אין פאָלק!.. זיי האָבן אופגעריסן די דאמבע!..

די פרויען, די קינדער, די אלטע לײַט האָבן געשריגן, געטומלט, געוויינט, געקרעכצט, געגראָבן די ערד מיט די נעגל... און אין א שאָ ארום האָבן זיך די הײַזער אופגעהויבן פונעם וואסער, אזוי ווי פאלנדיקע צײלעמס.

און אפן גאנצן גרויסן שטעטך פון די פריצישע פעלדער איז דאָך קיין וואסער אָט אף אזויפיל, אף קיין פינגער ניט געווען.

דאָ האָט דער אלטער געמאכט א לאנגע פאוזע. מיט דעם האָט ער אזויווי געוואָלט ווײַזן, אז ער האָט פארשוויגן עפעס זייער א וויכטיקע זאך, ביז גאָר א טרויעריקס.

[illegible]וף דער מיל איז פאראן געגוג טוויע,— האָט ער פאָר־גע[illegible]ט א ציטערנדיק קאָל,— צעמאַלענע, שמעקנדיקע טוויע. [illegible] טריפט, רינט, גיסט זיך איבער, ווי א פינקלענדיקער זונען־שטראל. איך קען זי נעמען, דורכלאָזן דורך די פינגער. און פארבליבן איז פון איר סאכאקל אָט דאָס איינע זעקעלע ערד.

מישע האָט אין קראמף צוגעדריקט צו זיך דעם הויפן ערד אין קעשענע און ער האָט דערפילט אין האלדז א שטיקנדיקע, גליטשיקע ווארעמקײַט.

דעם אלטן מילנער איז אויך געווען שווער. ער האָט זיך מיטאמאָל צונויפגעקאָרטשעט און איז אָפגעשוואכט געוואָרן, ווי ס'וועָרן אָפגעשוואכט די הענט בא אלטע פרויען.

אינדערהייך האָט געפינטלט דער לאמטערן, שוין צײַט געווען זיך לייגן שלאָפן.

און באנאכט האָבןביידע געזעען כאלוימעס וועגן ערד.

דאָס ייִנגעלע — וועגן דעם הויפֿן ערד אין קעשענע. דער מילנער — וועגן א בלאס־גאָלדענעם צודעק אף דער שווארצער און הארטער ערד.

——

אף מאָרגן אינדערפֿרי איז דער מילנער קאַיאָר אוועקגעגאנגען.

מישע האָט אין האלב־דרעמל דערפֿילט, ווי א נידעריקער שאָטן האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים, נאָכדעם האָט ער, ווי פֿון שלאָף, געהערט דעם סקריפּ פֿון דער טיר, וואָס האָט זיך צוגעמאכט.

אז ער האָט זיך אופגעכאפּט, איז דער צימער געווען פֿארגאָסן מיט זונען־שײַן.

מישע האָט אָפּגעגעסן א געמיינעם אָנבײַסן, אופגעראמט דעם צימער און האָט זיך אוועקגעשטעלט באם פענצטערל, אָבער די בלינדע פֿארמויערטע וואנט האָט אים אלצדינג פֿארשטעלט.

פֿונויבן אף דער בלינדער וואנט איז געשטאנען א פֿײַערדיקרויטע קאץ און האָט זיך געצויגן נאָכן געשמאקן שלאָף. אינגיכן האָט זיך איר די ארבעט דערעסן, און זי האָט זיך מיט פֿאמעלעכע טריט גענומען באוועגן לענגאויס דער וואנט. די וואנט האָט געהאלטן די לענג ניט מער ווי א פֿערצן מעטער, און ווי פֿאמעלעך די קאץ איז ניט געגאנגען, איז זי סאָפּקאָלסאָף דערגאנגען ביזן עק. דערנאָך האָט זי א גענעץ געטון, דאָס מויל ברייט צעעפֿנט, און, אפּאָנעם, פֿון לאנגווײַל האָט זי געגעבן א שפּרונג אראָפּ אפֿן שטיבעלע, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו דער בלינדער וואנט. און אָט אזוי איז זי אינגאנצן נעלעם געוואָרן, און מישע, וואָס האָט איר די גאנצע צײַט נאָכגעקוקט מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגן, האָט זי שוין מער ניט געזען.

מישע איז אָפּגעגאַנגען פונעם פענצטער. די געמיינע זאַכן אין צימער זײַנען אים נאָך געווען פרעמד, ער האָט נאָך מורא געהאַט זיך צורירן צו זיי: מער פון אַלץ איז אים געפעלן געווען צו זיצן אויפן מאַטראַץ, דערפאַר וואָס דער רייעך פון מאַטראַץ, אויסגעמישט מיט זײַן אייגענעם רייעך, האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַרן סאַמע פרײַנטלעכסטן.

דערנאָך האָט זיך אים דערמאָנט די געשיכטע פונעם אַלטן מילנער. אַז ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערוויקלען פאַר אים די בילדער, וואָס דעם אַלטנס געשיכטע האָט אַרויסגערופן, האָט אַ פײַנלעכער ווייטעק צונויפגעדריקט זײַן האַרץ. דער ווייטעק האָט אים אַרומגעכאַפּט, ווי אַ שוידער, און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו באַפרײַען פון דעם געפיל. אים האָט זיך געוואָלט קלערן וועגן עפּעס אַנדערש, כאָטשבי וועגן דער ליד, וואָס ער האָט געהערט אין שפּיטאָל, און דער באַקאַנטער ניגן האָט אָפּגעקלונגען אין זײַנע אויערן עפּעס אַזוי רויִק־מאָרעשכוירעדיק.

מישע האָט געפילט, ווי אינעווייניק אין אים קומט פאָר אַ גרויסע ענדערונג: פּאַכעד און פרייד האָבן זיך געראַנגלט אין אים, ער האָט דערוואַרט עפּעס אַזוינס, וואָס איז נאָך מיט אים ביז אַהער קיינמאָל ניט פאָרגעקומען. די ליד האָט באַקומען אַ באַשטימטן, קלאָרן אויסדרוק. מישע איז געזעסן מיט די פיס אונטער זיך פאַרן גרויסן געקאָוועטן קאַסטן און האָט זיך גע־סטאַרעט אויסצודריקן אָט־אָ די מאָדנע און שיינע געפילן. אַז ער האָט אָנגעשריבן איין שורעלע, האָט די ליד, וואָס ער האָט געהערט אין שפּיטאָל, געהאָלפן אים, ווי אַ צוויבער־שפּינדל, צו שפּינען אַלץ נײַע און נײַע שורעלעך. פּלוצים האָט דאָס שפּינדל זיך אויפגעהערט דרייען, און מישע האָט געקוקט אויף די שורעלעך,

ווי זיי וואָלטן אים געווען אינגאנצן פרעמדע. ער האָט אופ־מערקזאם געקוקט אָף די גלײַכע רייען און האָט זיי אָנגעהויבן לייענען מיט די ברייט־צעעפנטע אויגן:

אין אָבערדאָם, אין אונטערדאָם
פֿאַרוואָלקנט איז דער הימל,
מאַטערט טאָג ווי נאכט א זאָרג
די פּויערים די אָרעמע.

אופגעבלאָזן טײַכן, שטראָמען,
רוישט דער וואלד און קראכט און קרעכצט,
ווארפט דער שטורעם אלץ אין וועג,
פֿון אלע הײַזער מאכט א טעל.

און די כײַעס, און די מענטשן
ציטערן פֿאַר שטורעמווינט,
ביימער בייגן זיך און בוקן,
יאָמערט, קרעכצט און וויינט די ערד.

קרעכצט דער גלאָק אליארעמדיקער,
ציטערט דאמבע אפן טײַך,
דאָרטן ווײַטער בא די פּריצים
רײַפּט און גרינט די פעטע ערד.

יאָגן צוגן און וואגאָנען,
אויסגעצויגן אין א קייט,
קיין אָבערדאָם, קיין אונטערדאָם
א פאָלק סאפּיאָרן צוגעפירט.

ס'ע דארף די דאמבע באלד צעשטערן,
ראטעווען דעם רײַכנס גוטס,
זאָל די וואסער בעסער פליטן
אפן פעלד צום אָרעמען.

און די כײַעס, און די מענטשן
ציטערן אין הוילע שרעק,
און אין קנויסטער קלינגען גלעקער,
קלינגען הילכיק, פול מיט פרייד.

די דאמבע טייקעף אופגעריסן,
גאנץ בא פריצים האָב און גוטס,
אָבערדאם און אונטערדאם
אין וואָלקן, שטורעם, דונער, בליץ.

זײַנען פויערים פארבליבן
אָן א ברעקל ברויט אין שטוב,
אוועק מיט טאָרבעס אף די פלייצעס
זוכן ערגעץ נײַעם גליק.

אזוי ווי מישע האָט פארענדיקט די ליד, אזוי האָבן זיך טרערן בא אים א גאָס געטון פון די אויגן, און זײַן קליין הארץ איז געווען איבערגעפולט, ווי א טעלער וואסער, וואָס גייט איבער. ער האָט נאָכאמאָל און ווידעראמאָל געזונגען די ליד, איז אומגעגאנגען איבערן צימער. גלײַך ווי ער וואָלט אופגענומען א טײַערן גאסט. איצטער האָט ער נאָר געווארט, ס'זאָל זיך שוין אומקערן וואָס גיכער דער אלטער מילנער. ווײַל ער האָט געפילט, אז ער וועט זיך ניט בארויקן, ביז ער וועט עמעצן ניט אָפזינגען די שיינע ליד.

ער האָט שוין געזען, ווי אזוי דער מילנער עפנט מיט א שמייכעלע די טיר...

———

דער מילנער האָט אָבער ניט געשמייכלט... דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען געל, די אײַנגעמאטערטע הענט האָבן זיך נאָכגעהאנגען, אזוי ווי צווײַגן, אראָפגעבראָכענע פון ווינט. ער האָט

ניט ארויסגערעדט קיין וואָרט, ניט קיין גוטס, ניט קיין שלעכטס.. ער האָט נאָר א קוק געטון אף מישען פון אונטערן היטל, וואָס איז געווען אָנגערוקט איבער די אויגן... נאָכדעם האָט ער זיך א וואָרף געטון אפן מאטראַץ.

פון מישעס ליפּן האָבן זיך אראָפּגעריכן די נאָר וואָס געבוי־רענע אקאָרדן פון דער ליד.

דער אלטער האָט זיך אופגעהויבן, דאָס פּאָנעם זיַינס איז געוואָרן אביסל רויִקער. איז אים געווען א ביזאָיען פאר זיַין שטימונג און, ווי צו פארענטפערן זיך פאר מישען, האָט ער א וואָרטשע געטון:

— אין אלץ איז שולדיק דאָס, וואָס א גאנצן טאָג טאסקעסטער זעק. אכט הונדערט מאָל אכציק קילאָ, דאָס ברעכט אזוי די ביינער, צעדרויבלט זיי און הויקערט איַין... בייגט...

נאָך דער וועטשערע, וואָס ער האָט אליין אָפּגעקאָכט, האָט זיך דער אלטער אזוי ווי איבערגעביטן. דאָס פּאָנעם זיַינס האָט געברענט, די אויגן האָבן געגלאַנצט, די הענט האָבן זיך אביסל בארויִקט. און אז די ערשטע רינגלעך רויך האָבן א שווים געטון פון דער פּיפּקע, איז דער אלטער ווידער געוואָרן דערזעלבער צוגעלאָזטער מילנער, מיט די גוטע אויגן, ווי מישע האָט אים דערזען דאָס ערשטע מאָל.

און די ליד איז אלץ אָנגעוואַקסן אין מישעס הארצן. בעשאס ער האָט זיך געפּאָרעט אין ווינקל בא זיַין שטוב־ארבעט, אויס־געקערעוועט צום מילנער מיט דער פּלייצע, האָט ער זי ווידער אָנגעהויבן אונטערזינגען שטילערהייט.

דער אלטער איז געזעסן, איַינגעאנצן פארטיפט איַנעם רויכערן אף זיַין הויכן געקאָוועטן קאסטן און האָט זיך גיט אומגעקוקט אפן ייִנגעלע. און ערשט דעמאָלט, ווען די ווערטער פון דער

ליד האָבן זיך א ריס געטון, אזוי ווי די טריבן, בעשאס זיי שלאָגן זיך אָן אָן די ווענטלעך פונעם טויבנשלאַק, האָט דער מילנער זיך אָנגעהויבן צוהערן. אלץ שיטערער און פאַמעלעכער האָט אָנגעהויבן צו גיין דער רויך פון זײַן מויל...

מישע האָט געזונגען, און פונעם טעלער, וואָס ער האָט געהאלטן אין די הענט, האָבן אייַנטאָניק געקאַפּעט פּעטע טראָפּנס וואסער אין דער שמוציקער פאַמעניצע אַרײַן. קאַפּ־קאַפּ־קאַפּ... האָט די וואסער געקלונגען, ווי אן ארפע. און אונטער די קלאנגען פון די וואסער־טראָפּנס, האָט מישע מיט א קלאפּנדיק הארץ געזונגען זײַן ליד. אז מישע האָט געענדיקט די ליד, האָט די פּיפּקע שוין מער ניט געריכערט, די וואסער האָט ניט געקאַפּעט, און דער אלטער מילנער איז געזעסן שטיל אפן שטרויענעם מאַטראַץ. זײַנע אויגן זײַנען געווען פײַכט, ער האָט ניט געקענט ארויסברענגען קיין וואָרט. מישע איז רויט געוואָרן און האָט זיך אָנגעבויגן נידעריק איבער דער אויסגעווישטער קיילע. צום גליק האָט דער קעראָסין־לאָמפּ אין דער צײַט אויסגעברענט, און זיי האָבן ניט געקענט באמערקן איינער דעם אנדערנס אויפגערעגטקײַט. דער קנויט האָט א בליץ געטון דאָס לעצטע מאָל, און זיי האָבן זיך געמוזט לייגן שלאָפן.

——

שאַבעס איז דער אלטער געקומען אהיים פארפרי. אין די הענט האָט ער געהאלטן א פלאַטשיקן פּאַקעט, און דאָס פּאָנעם זײַנס האָט געשײַנט עפּעס באַזונדערס פײַערלעך. ער איז געווען פריש אָפּגעגאָלט, און זײַן קאָל האָט געקלונגען באַזונדערס פריילעך און צוגעלאָזט:

— צעוויקל. דאָס איז דײַנס, — און ער האָט זיך אָפּגעקערעוועט פונעם יינגעלע, קעדיי ניט צו שטערן אים זײַן פרייד.

אינעם שורשענדיקן פאַק־פּאַפּיר איז געלעגן אַ בלויער סוועטער, מיט אַ הויכן קאָלנער.

אין איין רעגע איז מישע אַרײַן אינעם דאָזיקן סוועטער כאָטש זײַן צעשויבערטער קאָפּ איז קאַם מיט צאָרעס דורכגעקראָכן דורכן שמאָלן אויסשניט פונעם קאָלנער.

אַ האַלבע שאָ איז אַוועק אויף דעם, וואָס דער אַלטער האָט זיך געסטאַרעט אויסצורייניקן מיט אַ בערשטל, אײַנגעטונקען אין בענזין, די פעטע פלעקן אויף מישעס קאָרטענע הויזן, דערנאָך זײַנען זיי ביידע געשטאַנען בײַ דער טיר פונעם קעמערל. דער אַלטער מילנער אין אַ שמאָלן, אויסגעריבענעם, אָבער גוט אויסגערייניקטן טונקל־ברוינעם סערדעט, אין אַ ליכטיק העמדל מיט שפּרענקעלעך און מיט אַ גרויסן רויטן שניפּס. אפֿן קאָפּ איז בײַ אים געווען אַ שליאַפּע מיט אַ שמאָלן דענעק, און אין די הענט אַ קאַרשן-שטעקל. לעבן אים מישע — אין אַ בלויען סוועטער, אין קורצע זומערדיקע הויזן און אין שוואַרצע שיך, אָפּגעפּוצטע, ווי אַ שפּיגעלע, און פאַרבונדן מיט אָפּגעשוואַרצטע שטריקעלעך. קיין היטל האָט ער ניט געהאַט, האָבן אָבער מערער געגלאַנצט די האָר זײַנע, צוגעקעמטע און צוגעגלעטע מיט אַ נאַס בערשטל. דער אַלטער האָט געזאָגט דעם ייִנגעלע, וואָס האָט שאַרף אויף אים געקוקט, אַז ער איז „דער דריטער נומער", דערנאָך האָט ער אויפגעהאַנגען אויף דער טיר פונעם קעמערל אַ שווערן שלאָס, און מיט אַ שאַבעסדיקער רויִקייט האָבן זיי זיך געלאָזט גיין איבער די אויסגעווײַסטע שווינדל-טרעפּ צו די שפּײַזלער אויף אַן אָוונט מיט טענץ און מיט פאָרשטעלונגען.

נאָך דעם צווייטן טאָג, נאָכדעם ווי מישע האָט אים אָפּגעזונגען זײַן לידעלע, האָט דער אַלטער אײַנגעלאַדן מישען אויף דעם־אָ אָוונט און האָט געזאָגט דעם ייִנגעלע, אַז ער איז „דער דריטער נומער".

דורך דער פּוסטקע, פאַרבײַ די עלנטע גאַז־לאַמטערנס און סטויפּעס מיט מעלדונגען, זײַנען זיי ארויסגעקומען אַף דער נאָענטסטער געפּלאַסטערטער גאַס. פּונוויַטנס האָט זיך געהערט א טופּען פון באַלעגאָלישע פערד. און ווײַטער — די גלעקלעך פון די טראַמוויַען. דער אַלטער האָט געשפּאַנט מיט אַן אומגעוויינ־לעכער זיכערקײַט, און מישע איז געגאַנגען לעבן אים אַזוי, גלײַך ווי ער איז אין דעם סוועטער געבוירן געוואָרן.

ביידע האָבן האַנאָע געהאַט אי פון זייערע נײַע יאָנטעוודיקע קליידער אי פון זייערע זיכערע פעסטע טריט. און מיר דאַרפן זאָגן, אַז ווען אונדזערע פריַינט זײַנען ארויסגעגאַנגען אַף דער רינגשטראַסע, ווו די הויכע אויסגעבויגענע לאַמטערנס האָבן דערמאַנט אין זשיראַפעס, האָבן זיי געשפּאַנט איבער איר מיט אַזאַ זיכערקײַט, אַזוי ווי געבוירענע בירגער פון דידאָזיקע ערטער. זייערע בליקן און באַוועגונגען זײַנען געווען אַזעלכע, אַז מ׳האָט דאַכט זיך, אפילו ניט געקענט כּוישעד זײַן אין דעם, אַז זיי זײַנען געקומען אַף דער העל־באַלויכטענער רינגשטראַסע פון יענע ערטער, ווו ס׳זײַנען פאַראַן קרומע געסלעך, שיטערע לאַמטערנס און ליידיק־פלעצער, וואָס שמעקן מיט קעץ.

דער אַלטער איז געגאַנגען אַלץ ווײַטער. ער איז געווען בא זיך אַזוי פעסט, אַז אַף דער לעצטער סטאַנציע פונעם געלן טראַמוויַ האָט ער זיך, ניט לאַנג טראַכטנדיק, אַרײַנגעזעצט אין ערשטן וואַגאָן. און אַז זיי האָבן זיך דאָרט אײַנגעמאָסטעט, האָט זיך דער אַלטער געהאַלטן אַזוי פרײַ בא דער העלער שײַן אינעם בלישטשען פון די גראָבע שפּיגלען, גלײַך ווי ער איז אַנ־דערש ניט געווויינט געוואָרן, נאָר צו פאָרן אין ערשטן קלאַס *).

*) אין אונגאַרן זײַנען פאַראַן טראַמוויַען פון ערשטן און צווייטן קלאַס.

דער וואגאָן האָט זיך ביסלעכווײַז אָנגעפילט, און אויף ד
בענק האָבן זיך אויסגעזעצט מענער אין עלעגאַנטע פּאַלטאָס
און דאַמעס אין זײַדענע שיך.

דער וואגאָן האָט געריידט. קעדיי ניט צו פאַרלירן אפילע אויף
איין מינוט די שטימונג זײַנע, האָט דער מילנער דעמאָנסטראַ־
טיוו געהאַלטן אין דער האַנט אַ בלישטשענדיקן זילבערנעם
קראָן. און מישען האָט זיך עס אויסגעדאַכט פאַר אומבאַדיגנט
נייטיק, קעדיי אונטערצוהאַלטן דעם אייגענעם קאָוועד אין אַ
גוט אויסגעקליידטער געזעלשאַפט.

ס'איז צוגעגאַנגען דער קאָנדוקטער און האָט איבערגעביטן
דעם בלישטשענדיקן קראָן אויף צוויי געלע טראַמוויי־בילעטן און
עטלעכע געוויינלעכע ברוינע און גרויע מאַטבייעס.

אָבער פּלוצים האָט דער אַלטער דערפילט עפּעס אַ אומאַנ־
גענעמלעכקייט.

דער רועך ווייסט, וואָס האָט ער עס, אָט אָ יענער העט מיטן
הויכן קאָלנער, דאָרט אין ווינקל, אַזוי פאַרשנורעוועט די ליפּן.
דער אַלטער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער;
די נערוועזע שטימונג פונעם מילנער האָט זיך אויך מישען אי־
בערגעגעבן, און ער האָט אויך דאָסזעלבע געטון.

נאָר איצטער האָט דער העט מיטן אָנגעקראָכמאַלעטן קאָל־
נער, וואָס איז געזעסן אַנקעגן מישען, זיך אָנגעבויגן צו זײַן
דאַמע. נאָכדעם האָבן זיי ביידע אַ קוק געטון אויף מישען און
האָבן אַ שמייכל געטון.

מישע איז אָנגעצונדן געוואָרן, האָט שטילערהייט געכאַפּט אַ
קוק אויף זײַנע הויזן און האָט דערזעען, אַז די פּעטע פּלעקן, וואָס
דער מילנער האָט זיי פאַריבן מיט אויסגעוועפּטן בענזין, זײַנען
ווידער אַרויסגעטראָטן אויף די דינע קאָרטענע הויזן.

מישע איז רויט געוואָרן, האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט אף די קני און האָט זיך אויסגעקערעוועט צום פענצטער. איצטער זײַנען זײ בײדע געזעסן ווי אף שפּילקעס, און האָבן זיך בײדע פאַרטיפט אינעם באַטראַכטן די אָפּגעבליאַקעוועטע שילדן אף די פאַרבײַלויפ־יקע הײַזער.

אין וואַגאָן האָבן דאָ און דאָרט די מענטשן עפּעס געלאַכט, און בײדע זײַנען זײ געווען פעסט איבערצײַגט, אז לאַכן קען מען נאָר פון זײ.

קעדײ צו פאַרבאַהאַלטן זײַן אופרעגונג, האָט דער מילנער גענומען פּוצן מיטן אַרבל די שליאַפּע. צוליב דעם האָט ער זי אינדערגיך אַראָפּגענומען פונעם קאָפּ, דערנאָך האָט ער זי צוריק אָנגעטון אפן קאָפּ. סאָפּקאָלסאָף האָט ער אזוי [illegible]ט איבערגע־כאַזערט די באַוועגונג, אז עמעצער האָט עס באַמערקט און האָט זיך צעלאַכט.

פונעם מילנערס אויגן זײַנען פונקען געפלויגן, אזוי ווי פון א שאַרפשטיין. מישע האָט מוירע געהאַט, ס'זאָל ניט פאָרקומען קײן סקאַנדאַל.

נאָר דאָס איז נאָך געווען גאָרניט. שפּעטער האָט זיך מישע נאָך מער דערשראָקן, ער איז געווען זיכער, אז ס'וועט שוין גלאַט ניט אָפּגײן: אף די אומרויִקע באַוועגונגען פונעם אַלטן האָט זיך אײנער א הער, וואָס איז געזעסן לעבן אים, א הײב אויף געטון פון זײַן אָרט און האָט זיך בײז איבערגעזעצט אנקעגן. דערבײַ האָט ער א וואָרטשע געטון אין זיך עפּעס אזוי ווי: „ס'איז דאָך אומעגלעך אזוי". אָבער דער אַלטער האָט דײַטלעך געהערט, און ער וואָלט געמעגט שווערן, אז דער הער האָט געזאָגט: „פּאַריפּעשטער פויער". דאָס האָט אופגעקאָכט דעם אַלטן. ער איז רויט געוואָרן ביזן האַלדז, ער איז אונטערגע־

שפרונגען צום הער מיט די פענסנע אף דער נאָז, וואָס האָט זיך שטיל געוויגט און רויק געקוקט פאָרויס, און האָט אים א רעווע געטון אין פּאָנעם אריין. אז ס׳האָט אזש א ציטער געטון פאר שרעק:

— איך בין דיר א פאריפּעשטער פויער?..

און דער קארשן־שטעקן וואָלט אין איין מינוט צעדרויבלט דעם הער מיטן צילינדער די פענסנע זיינע, ווען ניט דער אוילעם, וואָס איז אופגעשפרונגען און האָט אים אָפּגעהאלטן.

— מיין הער, איר שרייבט מיר צו אזעלכע ווערטער, — האָט געמורמלט דער בלייך־געוואָרענער הער מיטן צילינדער, האלטנדיק די פענסנע מיט צוויי פינגער, און מער האָט ער גאָרניט ניט געקענט זאָגן

— אָט וועל איך דיר באלד צעגוואדזיען דיין פעטע צורע, — האָט ארויסגעכריפּעט דער אלטער, און אלע פּאסאזשירן האָבן זיך געסטארעט אים אָפּצוהאלטן. אָבער אומזיסט האָבן זיי אים בארויקט. ער איז ארויס פון די קיילים, האָט גערעוועט, געזידלט זיך, געוואָרפן זיך אין אלע זייטן. מישע האָט א פאר־צווייפלטער זיך געסטארעט דערקלייבן זיך צו אים און האָט זיך וועקגעשטעלט פאר אים מיט אופגעהויבענע פויסטן. ער האָט אָבער קיין איין וואָרט ניט געקענט ארויסריידן. פאר גרויס פאר־דראָס האָט ער זיך זייער שטארק צעכליפּעט. די פּאסאזשירן האָבן זיי פאמעלעך ארויסגעשטויסן אף דער הינטערשטער פלאטפאָרמע. דאָרט איז דער אלטער אריין נאָך אין א גרעסערן גרימצאָרן. ער האָט ווידער א ריס געטון די טיר און האָט אריינגעשריגן אינעם שמעקנדיקן שיינעדיקן וואגאָן אריין:

— איר קענט ניט פארליידן דעם ארבעטערס רייעך! וואָרט, וואָרט! מיר וועלן זיך אף אייער רייעך אויך אמאָל ארומקוקן.

דער וואגאָן האָט זיך אָפּגעשטעלט, דער אלטער איז אראָפּ געקראָכן, אויסער זיך פאר פארדראָס, צונויפּדריקנדיק שטארק דעם שטעקן אין פויסט.

מענטשן, וואָס האָבן זיך מיט אים צונויפגעשטויסן אף די טראָטואַרן, האָבן אים פאר מוירע אָפּגעטראָטן דעם וועג.

און לאנג האָט מען נאָכגעקוקט נאָכן צעווילדעוועטן מענטשן, וואָס האָט געפּאָכט מיט די הענט, און נאָכן כליפּענדיקן ייִנגעלע.

---

ס'האָט זיך געדאכט, אז דידאָזיקע געשעעניש האָט אף לאנג געפּאַטערט דעם אלטן די שטימונג זײַנע.

און פאר מישעס אויגן, פולע מיט טרערן, האָט זיך געטראָגן א בילד פון דעם וואונדער־שיינעם אָוונט, ווי א שײַנענדיקע שיף, וואָס ער וועט שוין אהינצו איצטער ניט קענען ארײַנקומען בעשומויפן. נאָר צום גליק האָט דער אלטער, ווי ער האָט נאָר א קוק געטון אף מישעס בלייך, פארזי גט פּאָנעם, זיך באַטראַכט און האָט זיך געלאָזט גיין אין דער נייטיקער ריכטונג. פארשטייט זיך, די גוטע שטימונג איז בא אים פארשוואונדן, און ביז סאמע האלבער נאכט האָט ער זיך געפילט ניט איבעריק פריילעך.

סאָפקאָלסאָף זײַנען זיי צוגעקומען צו א טומלדיקן ראשיקן רעסטאָראנדל. דער אלטער האָט טייקעף ארײַנגעפירט מישען אין אן אויסגעפּוצטן לאנגן זאל, האָט אים אוועקגעזעצט אף אן אָרט, און אליין איז ער געבליבן אין בופעט אויסטרינקען א פלעשל ביר.

בארויִקט זיך אביסל האָט ער ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט געפונען איינעם, וואָס האָט אויסגעהערט זײַן פארדראָס, און האָט אים געייצעט זיך ווענדן אין אן ארבעטער־צײַטונג, ווײַל

די כאוויירים וועלן, פארשטייט זיך, גערן פובליקירן עס אין דער פרעסע.

דידאָזיקע ווערטער האָבן, אזוי ווי אָפּיום, באַרויִקט דעם אלטן.

מישע איז אין דער צײַט גענעזן מיט א שווער הארץ בא דער טונקעלער שײַן פון די פינטלענדיקע לאָמפּן, ניט ווײַט פונעם סאַטינענעם פאָרהאנג, אנקעגן דעם סופליר־בײַדל, וואָס איז געווען גערייאָטן אין אן אויסגעבויגענער מענטשישער פלייצע. אין זאל איז נאָך קימאט קיינער ניט געווען. פון צײַט צו צײַט האָבן די מער בײַגעריקע שפּילערס ארויסגערוקט פון הינטערן פאָרהאנג די קעפּ זייערע מיט די אָנגעקלעפּטע וואָנצעס. נאָכדעם איז איבערן זאל דורכגעלאָפן א גראָב, בידעריק מענטשל מיט א פלעק פון וואָנצעס אונטער דער נאָז, האָט אן אופגערעגטער זיך געאמפּערט מיט אן ארבעטער, וואָס איז געגאנגען הינטער אים מיט א רויט בענדל אפן ארבל.

— אָ דאָס הייסט בא אײַך אן אָרדענונג?! — האָט געשריגן דאָס קליינע מענטשל. — סע שטייט דאָך ניט קיין איין בענקל אפילע דאָרט, ווו מע דארף.

ער האָט זיך א לאָז געטון צווישן די רייען בענקלעך און האָט אָנגעמאכט נאָך א גרעסערע אומאָרדענונג.

— די אקטיאָרן קענען ניט זייערע ראָלן, — האָט זיך געהיצט דאָס קליינע מענטשל, — דער פאבריקמאכער האָט פארגעסן די בערד, האלב זינגערס זײַנען הייזעריק, דער זאל איז בידעריק, ניטאָ אין אים קיין פיצל אקוסטיק, — האָט ער א געשריי געטון, אזוי ווי אף צו דערווײַזן, איבערן גאנצן זאל. אוןווירקלעך, די אקוסטיק פונעם זאל איז געווען ניט קיין פויגלדיקע, וואָרעם די שטים פונעם קליינעם מענטשל איז אָפּגעשפּרונגען פון די ווענט, אזוי ווי שלעכטע שטוקאטורקע.

— מיט איינעם וואָרט, אלץ איז פארפאלן, אלץ איז פאר־פאלן! און איר שטייט זיך דאָ, גלייך ווי ס׳האָט צו אײַך קיין שײַכעס ניט. דאָס איז ניט געהערט געוואָרן! גיט געהערט געוואָרן!

איידער עמעצער האָט אים געקענט ענטפערן, איז דער כאוועך קראָליק, — אזוי האָט מען אים גערופן, — מיט אופגע־שטעלטע האָר ארויסגעלאָפן פונעם זאל.

אין א מינוט ארום האָבן זיך אָנגעצונדן די לאָמפּן, אזוי ווי אין אן עמעסן טעאטער, און דאָס קליינע מענטשל האָט דורכ־געשטופּט דורכן פאָרהאנג דעם קאָפּ זײַנעם, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, זײַנע וואָנצעס.

— דריטער נומער! דריטער נומער! גענעראלע רעפּעטיצע! — האָט א געשריי געטון דער כאוועך קראָליק אין צישויער־זאל ארײַן, פונקט ווי אין א טעאטער.

דער כאוועך קראָליק האָט אלע זײַנע יאָרן געטרוימט וועגן דעם, ער זאָל אומלויפן איבער דער בינע פון א גרויסן, זייער גרויסן, עמעסן טעאטער און זאָל געבן וווּנדערלעכע אָנווײַזונגען די מענטשן, וואָס לויפן ארום אהין און צוריק. סע מאכט ניט אויס, וואָס זײַן מאזל האָט אים צו דעם ניט געשפּילט, דער כאוועך קראָליק האָט זיך באנוגנט מיטן קליינעם פאָרהאנג און מיט דער קליינינקער בינע, וואָס ער האָט איבער איר ארומגע־שמײַעט מיט פארשיידענע הויכע ווערטער, און דידאַזיקע ווער־טער האָבן אף די מיטארבעטער ניט געמאכט דעם מינדסטן אײַנדרוק.

אָבער מישע איז געווען ווי א פארקישעפטער, ס׳האָט אים ארומגעכאפּט אן עמעסע, ניט קיין געמאכטע ארטיסטישע באַ־גײַסטערונג, און אויך ניט קיין געמאכטע מוירע און בינע־פיבער.

דער מענטש מיט די קליינע וואָנצעלעך איז מיטאמאָל אויסגע־וואָקסן אין זײַנע אויגן, האָט אים באַזיגט, ווען ער האָט מיט א בייזער שטים א געשריי געטון אין זאל אריַין: „גענעראלע רעפּעטיציע!"

ס׳ארא מין מאָדנע, שיין וואָרט דאָס איז געוועזן!

אין מישעס אופגערעגטער פאנטאזיע האָט זיך עס איבער־געגאָסן, ווי א וווּנדערלעך, פילפארביק באַבעלע.

אין דערזעלבער מינוט איז דער כאַווער קראָליק ווידער געוועזן אין זאל, און, גײענדיק גלײַך אף מישען, האָט ער גע־שריגן נאָך פונדערווײַטנס:

— דריטער נומער, אף דער רעפּעטיציע, אלע אף די בינע!

נאָר טײקעף טאקע האָט ער גאָר אינגאנצן פארגעסן אָן מישען, ווײַל ער האָט באַמערקט אין דער צײַט, אז דער ווענ־טילאטער ארבעט ניט,— איז ער צוגעלאָפן צום פענצטער, און אז דער ווענטילאטער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דרייען, איז ער נאָכאמאָל, גלײַך ווי ער האָט אָפּגעטון א שטיקל ארבעט, ארויסגעלאָפן פונעם זאל.

ווי נאָר ער האָט ניט געסטײַעט, איז געקומען צו לויפן דער אלטער מילנער, א פארסאפעטער, און, גלײַך ווי דעם כאַווער קראָליקס פלײַסיקײַט האָט זיך אויך אים איבערגעגעבן, האָט ער נאָך פונדערווײַטנס א געשריי געטון צו מישען:

— דריטער נומער, אף דער גענעראלער רעפּעטיציע, אלע אף דער בינע!

מישען האָט ארומגעכאַפּט א געפיל, געראָטן אין דעם, ווי א קאראהאָד פון טאנצנדיקע מענטשן וואָלטן אים דאָ א וואָרף געטון צום ארויסגאנג אף דער בינע.

דאָרט איז געווען צוגעקלאפּט א שטרענגע דערמאָנונג מיט א רויטן קרייַז, און א ביט ווייניקער שטרענגער כאוועטער פּײַער־לעשער (דאָ איז אלץ געווען כאווערייש) איז געזעסן אין א ראָ־מאנטישער שטימונג, מיט א פלאש ביר אין האנט.

## ארײַנגאנג אף דער בינע.
## רויכערן פארבאָטן.
## זײַטיקע מענטשן ארײַנגאנג שטרענג פארווערט.

אָבער מישע איז ארײַנגעגאנגען. ער איז דאָ ניט געווען קיין זײַטיקער. ער איז געווען „דער דריטער נומער״.

דאָס צימער האָט געווימלט מיט ליבהאָבער און מיט עמעסע ארטיסטן. אף גרויסע האקנס זײַנען געהאנגען פאנטאסטישע קאָסטיומען, און אינעם ארומיקן געפּילדער פון די האלב־אָנגעטונענע, האלב־פארגרימירטע מענטשן האָט זיך מישע דערפילט, ווי אין א מאָדנעם, דולן שלאָף.

מערער פון אלעמען האָט געטומלט, פארשטייט זיך, דער כאוועטער קראָליק, וואָס האָט געהאלטן אין איין רופן „דעם דריטן נומער״, ביז ער האָט זיך ניט פארטשעפעט אין מישען.

— ווי א בארג אראָפּ פון די פּלייצעס, — האָט זיך קראָליק א ווערטל געטון, — נו, קום אהער, קליינער. ציטערסט אביסעלע? דו האָב נאָר קיין מוירע ניט. דו זינגסט פאר עמעסע פּראָלע־טאריער. דאָס סאמע דאנקבארע פּובליקום. מע דארף נאָר קענען פארכאפּן זייערע הערצער. ווו איז דער אקאָמפּאניאטער? גע־ווען פיל רעפּעטיציע! אקאָמפּאניאטער! דער רועך זאָל אים נעמען! פּיאניסט, „דריטער נומער״...

דעם אקאָמפאַניאַטער האָט מען, אַפּאַנעם, אינערגעץ ניט געקענט געפינען. די מענטשן אין זאַל האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן און פּלעסקען מיט די הענט. קראָליק, אַן אָפּגעגאָסענער מיט שווייס, האָט געבראַכט צו שלעפּן דעם פּיאַניסט פאַרן קאָלנער. ס׳איז שוין געווען זייער שפּעט, וועגן אַ גענעראַלער רעפּעטיציע האָט שוין קיין רייד ניט געקענט זײַן, בלויז איין מישע האָט דורכגערעפּעטירט מיטן פּיאַניסט; קיין רעכטע גענעראַלע רעפּעטיציע האָט ניט געקענט פאָרקומען, ווי ס׳האָט זיך שוין געפירט אין מעשעך פון צען יאָר,—ווײַל ס׳האָט קיין צײַט ניט געקלעקט.

— מיר הייבן אָן,—האָט דער כאַווער קראָליק איבערגעשריגן דעם גאַנצן טומל.—אַלע מאַנצבלען אויף דער בינע...

און פאַרן ציטערנדיקן מישען האָבן אַ שווינדל געטון צעשויבערטע קעפּ, בערדיקע פּנימער, מענטשן אײַנגעוויקלטע אין עפּעס שמאַטעס און אויך אַ האַלב־נאַקעט מיידלש לײַב.

עמעצער האָט אָנגעהויבן שפּילן אויפן ראָיאַל אַ באַקאַנטן מאָטיוו, אַ צווייטער האָט צוגעמאַכט דאָס דעקל אויף יענעמס פינגער. דער כאַווער עלעקטראָטעכניק האָט פון אופרעגונג, אַנשטאָט דעם צושויער־זאַל, פאַרלאָשן די שײַן אויף דער בינע. אונטן האָט מען אויסגעשאָסן אַ געלעכטער. קראָליק איז מיט קלאָלעס אַוועקגעלאָפן אויף דער בינע, האָט געפּאָכעט מיט די הענט און האָט געגוואַלדעוועט, געריסן די האָר אויפן קאָפּ. מ׳האָט, פאַרשטייט זיך, די מינוט געגעבן שײַן אויף דער בינע, און דער פאָרהאַנג האָט זיך אופגעהויבן פאַר קראָליקס פאָכנדיקע הענט.

אָבער דער כאַווער קראָליק איז ניט באַטל געוואָרן, ער איז טייקעף אַרויסגעטראָטן אין דער ראָל פון אַ קאָנפעראַנסיע. ער האָט געגעבן צו וויסן, אַז אויף אים איז אויסגעפאַלן אַן אומדערוואַר־

טעט. — ס׳איז טאקע געווען אן עמעס, — גליק צו באגריסן די כאוויירים. נאָר — ער האָט טאקע בוכשטעבלעך אזוי געזאָגט — פון צעטראָגנקייט האָט פארגעסן אלע יענע פלאטשיקע כאָכמעס מיט וועלכע ער האָט זיי געוואָלט באגריסן. נאָכדעם האָט ער געמאָלדן דעם דאנקבארן און לאכנדיקן אוילעם, ער זאָל זיך צוגרייטן צום ערגסטן, — דאָס האָט ער איבערגעכאזערט וואָרט אין וואָרט שוין פינף יאָר דורכאנאנד, — צו שרעקלעכע צען מינוט. די ערשטע צען מינוט פלעגן זיך אָנהייבן מיט פאָרטע־פיאנע־שפיל. נאָר דער אוילעם האָט אופמערקזאם געהערט די אלץ אָנוואקסנדיקע אקאָרדן און האָט נאָך דער שפיל לאנג אפלאָדירט. דער כאוועך קראָליק האָט דערוף געזאָגט מיט א פריילעך געלעכטערל, אז ער האָט נאָך פריִער געמאָלדן, אז דער ערשטער נומער וועט זיי זייער געפעלן. נאָכדעם, ווען ער האָט געגעבן צו וויסן וועגן ווייטערדיקן נומער, האָט ער געמאָלדן, אז דער אווטער פון דער ליד הייסט פעטעפי, און אז אין די קומענדיקע פינף מינוט וועט ער זיך, פארשטייט זיך, איבערקערן אין קייווער. דערנאָך איז ער ווידער נעלעם געוואָרן הינטערן פאָרהאנג. אף דער בינע האָט מען אין דער צייט דעקלאמירט. און אין גארדעראָב־צימער האָט קראָליק געגלעט מישען איבערן פאָנעם, וואָס איז געווען בלייך ווי קרייד, האָט פאריכט אף אים דאָס אָנטון און האָט צוגעשטאָכן רויטע נעגעלעך צו זיין סוועטער. דערביי האָט ער אים געלערנט, וויאזוי ער דארף זיך צוהערן צום אקאָמפאניאטער, וויאזוי ער דארף אויסדרייען דעם קאָפּ, זיך באוועגן אף דער בינע. נאָר מישע האָט פון דעם אלעמען קיין איין וואָרט ניט פארשטאנען: ער איז געשטאנען צונויפגעקוטשעבורעט פארן קליינעם מענטשל און האָט לאכלוטן ניט געקענט איינהאלטן דעם אינעווייניקסטן ציטער.

דער אלטער מילנער האָט אריַינגעשטעקט זיַין העליש־רויטן קאָפּ אין דער טי־ ־יַיִיַך גאַרדעאָב־צימער און האָט א רוף געטון מישען.

אין זאַל האָט מען אָנגעהויבן אפּלאָדירן. פונעם אלטנס ווערטער האָט מישע גאָרניט ניט פארשטאנען, נאָר ער האָט מיט דאנקבארקייַט דערפילט די אויפמונטערונג, וואָס ער האָט איבערגעלייענט אין זייַנע אויגן.

קראָליק איז ארויפגעלאָפן אף דער בינע, האָט געזאָגט עפּעס א נארישקייַט, דער אוילעם האָט אויסגעשאָסן א געלעכטער, דערנאָך האָט ער נאָך עפּעס געזאָגט, און נאָכדעם איז אין זאַל געוואָרן טויט־שטיל.

מישע האָט ניט געהערט, וואָס קראָליק האָט געזאָגט, נאָר ער האָט דערפילט, אז ס׳האָט זיך גערעדט וועגן אים. און אז די שטילקייַט, אָן אָנגעפילטע מיט ווארטעניש, האָט געהאט א שייַכעס צו אים.

ווידער איז געקומען צו לויפן דער כאַוועַר קראָליק, האָט אָפּגעווישט דעם שוויס פונעם פּאָנעם. ער האָט א נעם געטון מישען און האָט אים אוועקגעשטעלט סאמע איגמיטן דער בינע.

אין א מינוט ארום האָט זיך דער פאָרהאנג אופגעהויבן, און מישע האָט דערפילט, ווי גלייַך דאָס אָנטון איז פון אים אראָפּגעפאלן,— פונקט ווי ער וואָלט געשטאנען א נאקעטער. און מ׳האָט אים ארויסגעשטעלט אף כויזעק פאר די פירהונדערט אויגן.

דער ראָיאַל האָט טייקעף דורכגעשפּילט די ערשטע סטראָפע. נאָר מישעס מויל איז געווען שטום, אזוי ווי א פארצויגענע ווונד. פאר זייַנע אויגן האָבן געשווינדלט העלע קרייַזן, אין די אויערן האָט געזשומעט. די פיס זייַנען אזוי ווי אייַנגעזונקען

געוואָרן אין דיל, נאָר פונהינטן האָט אים דעם כאוועך קראָליקס קאָל א שטויס געטון גלײַך אין הארצן ארײַן:

— פארטיק.

און מישע האָט אָנגעהויבן זינגען. נאָך דער ערשטער סטראָפע האָט ער שוין געקוקט דרייסט אין די פיר מייעס ברענענדיקע אויגן ארײַן; נאָך דער צווייטער האָט אים שוין געקלעקט מוט זיך צו פארטיפן אין זיי, נאָך דער דריטער — איז ער געווען גרייט אף אלץ, און נאָך דער פערטער איז ער פארטרונקען געוואָרן, זיך פארכלינעט אינעם אָנגרונטיקן יאם ברענענדיקע, טרויעריקע און לײַדנדיקע מענטשישע אויגן. סאָפקאָלסאָף, איז פון זײַן הארצן אראָפּ א מאסע, דאָס הארץ איז אים געוואָרן גרינג, ווי א לופט־באלאָן, וואָס האָט זיך באפרײַט פון זײַן לאסט. די שטים זײַנע איז געוואָרן ריין, ער האָט געוויינט, געקלאָגט זיך פאר יענע, צווישן וועלכע ער האָט פארבראכט דאָס גאנצע לעבן זײַנס.

יאָ, פאר זיי, פאר זיי האָט ער איצטער געזונגען, מיט זיי געוויינט, ווי מיט א מוטער. ער האָט זיי גערופן, ווי מע רופט א פאָטער, און מיט פרײַדיקע טרערן האָט ער זיך צו זיי געבוקט.

די אפלאָדיסמענטן האָבן געדונערט, געהודעט.

צוויי ריזיקע הענט האָבן אראָפּגענומען מישען פון דער בינע, און א פאָר הייסע פליישיקע ליפן האָבן אים א קוש געגעבן אין שטערן ארײַן.

———

דעם גאנצן וועג האָבן זיי קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, גאָר־ניט ניט באמערקט ארום זיך און זײַנען געווען גליקלעך אָן א שיר.

אפן וועג האָבן געקלונגען און געהודעט די עלעקטרישע וואגאָנען, און זיי האָבן געשפאנט, מיט א שמייכל אף די ליפן,

אזוי ווי קינדער, וואָס שלאָפן אױף דער וואָר, צו דער קויטיקער, פאַרויכערטער, ניט געפּלאַסטערטער פאָרשטאָט.

—

ס'זײַנען אַוועק אַסאַך, אַסאַך רויִקע, גליקלעכע טעג, און ס'איז שוין פאַרגאַנגען אַ רייד וועגן דעם, אַז די כּאַווייריִם וועלן אײַנאָרדענען מישען אויף אַ פאַבריק. נאָר דעם איבּערפרי, ווען דער אַלטער האָט געוואָלט אָפּפירן מישען צום כאַווער באַלאָג, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אים אײַנצואָרדענען, איז דער אַלטער מילנער אויפגעשטאַנען פונעם געלעגער אַ מידער און אַ צעקראָכענער, און מישע האָט באַמערקט, ווי ער איז, אָן קויכעס, וואַקלענדיק זיך, אַרויסגעגאַנגען פונעם קעמערל.

מישע איז אָבער געווען פול מיט האָפענונג. ער האָט געטראַכט וועגן דער מוירעדיקער, אָבער פּראַכטפולער און וווּנדערלעכער פאַבריק, וועגן דער פאַבריק, וואָס אַהינצו זײַנען געגאַנגען זײַנע פאָטער און מוטער און אַלע, וועמען ער האָט נאָר געקענט. ער האָט שוין געבויט פּלענער, וויאַזוי ער וועט שפּעטער אויספאָרן די גאַנצע וועלט און וועט אויסלייזן דעם אַלטן פון דער אַרבעט.

דערווײַל איז געוואָרן באַכט. ס'האָט שוין געקלונגען זעקס אַזייגער, און דער אַלטער איז נאָך אַלץ ניט געקומען. דאָס ווײַזערל האָט זיך פאַמעלעך דערנעענטערט צו זיבן. מישעס האַרץ האָט געפּלאַטערט אַלץ שטאַרקער, און דאָס גאַנצע בלוט איז אים אַרײַן אין פּאָנעם אַרײַן.

ס'האָט אויסגעקלאַפּט אַכט, ס'איז אַוועק נאָך אַ צײַט. אויף דער בלינדער וואַנט אַנקעגן האָט זיך שוין צונויפגעקליבן דער קעצעבער קאָנגרעס, און די לעוואָנע האָט זיך צעלויכטן מיט איר קאַלעכדיקן געזיכט איבערן קלויסטער־טורעם.

מישע האָט פאַרלאָזט זײַן בוידעמל און איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס. ס׳איז געווען אַ פרילינג־אָוונט מיט קויטיקע רעגן־שטראָמען — אין עמעסער אַפּרעל־וועטער.

אויף דער ווייניק פאַרבויטער, מיט מיסט־גראָז פאַרוואַקסענער גאַס איז ניט געווען קיין לעבעדיקער נפש. די פענצטער פון די גרויסע און קליינע הײַזער האָבן בייזשפּאָטיש אונטערגעווונקען דעם פאַרסאַפּעטן יינגעלע, וואָס איז געלאָפן אָן אַ היטל.

די, וואָס האָבן געאַרבעט אויף די פאַבריקן, אויף בנינים, באַם אַנלאָדן, — זײַנען שוין געשלאָפן, אַלע יענע, וואָס די שענקען אָדער די מייסים־שטיבלעך האָבן זיי אָפּגעריסן פונעם שלאָף אָדער פונעם לעבן, — אַלע זײַנען געלעגן אין זייערע נאָרעס, פריטשמעליעטע פאַר מידקײַט.

האַלבע נאַכט האָט זיך מישע, אײַנגאַנצן אַ דערהאַרגעטער, אין אויסגעווייקטע שיך, ווידער דורכגעגליטשט איבער די פינצטערע טרעפּ אין זײַן קעמערל אַרײַן.

דער שטרויענער מאַטראַץ איז געווען ליידיק. גאָרניט האָט זיך ניט איבערגעביטן, נאָר אַ שטראָם לופט האָט פון דער אָפּענער טיר אָנגעהויבן בלאָזן און האָט, סאָפּקאָלסאָף, פאַרלאָשן דעם לאָמפּ, וואָס האָט ביז אַהער סאַם געגויסעט, און דאָס קעמערל איז פאַרזונקען געוואָרן אין טיפן טהאָם פון דער נאַכט־פינצטערניש.

——

די געשיכטע מיטן אַלטן מילנער איז ניט געווען עפּעס קיין באַזונדערער אײַנציקער צופאַל, די צײַטונג „אַ קאָפּיקע“ האָט ניט געפונען פאַר נייטיק אפילו צו דערמאַנען וועגן איר.

פאָרגעקומען איז עס אַזוי:

אז דער אלטער האָט אפדערנאכט איבערגעטראָגן בעשאָלעם דעם זיבנהונדערט ניַין און ניַינציקסטן זאק איבער דער שמאָלער ברעט אף דער בוקסיר־שיף, און מ׳האָט אים ארופגעוואלגערט אף די פלייצעס דעם לעצטן, ד. ה. דעם אכטהונדערטסטן, האָבן זיך זיַינע קני עפּעס מאָדנע איבערגעבויגן. עמעס זיַינע קני פלעגן אויך פריִער ציטערן. אָבער היַינט איז עס געווען גאָר אן אנדער. מין ציטער. און זיַינע לונגען האָבן געפּיַיפט, געקרעכצט און געקלאָגט זיך. אָבער ביזן גלאָקן־סיגנאל איז פארבליבן סאכאקל איין זאק, און דער אלטער האָט אונטערגעשטעלט די פלייצע אונטערן אכטהונדערטסטן זאק, וואָס האָט געוויגן אכציק קילאָ. דער אכטהונדערטסטער זאק איז געבליבן הענגען, ווי א טויטער קערפּער, אף דעם אלטנס פלייצע, בעשאס ער איז ארופגעטראָטן אפן שמאָלן הילצערנעם ברעטעלע. סע האָט א טרישטשע געטון, א ציטער געטון, זיך א הוידע געטון אונטער אים, און דער אלטער איז, ווי א קליינע פּילקע, אראָפּגעפלויגן פונעם בוקסיר.

אך, אָ די הוידעלקע! ווי גוט ער האָט געקענט די שפּיל אירע!

אָבער, וויי, וויי, איצטער האָט עס אים געהוידעט צווישן לעבן און טויט.

אינמיטן דער שמאָלער ברעט האָט זיך פון דעם אלטנס ברוסט ארויסגעריסן אן אומדערווארטעטער, אייגוניינציקער קרעכץ. זיַינע אקסלען האָבן זיך פאמעלעך אראָפּגעלאָזט, און דער שווערער זאק מעל — דעם אלטן האָט זיך א מינוט אויסגעדאכט, אז ער האָט אפילע געהערט דעם זאקס כויזעקדיקן געלעכטער — האָט פלוצים מיט א ראש א פלי געטון איבערן מילנערס אָפּגעשוואכטן קערפּער.

אין דערזעלבער מינוט האָט זיך דאָס צעשאָטענע מעל אויס־געמישט מיטן הייסן שטראָם בלוט, וואָס האָט זיך א גאָס געטון מיטאמאָל פונעם מילנערס האלדז, און דער צעשוווּמענער, מיט בלוט פארגאָסענער קערפּער, וואָס האָט אָנגעווירן דעם גלײַכגעוויכט, איז אַוועקגעפלויגן אין דער ליכטיקער, שפּיגל־דיקער וואסער־טיפעניש.

די וואסער האָט זיך צעפּלעסקעט אין ברייטע קרײַזן, דער־נאָך זײַנען די קרײַזן געוואָרן קלענער, און סאָפּקאָלסאָף איז די וואסער געוואָרן גלאַט.

אין דער צײַט האָט אפּן ברעג א קלונג געטון דער גלאָק.

די גאנץ־געבליבענע ארבעטער זײַנען מיט שווערע הערצער געגאַנגען אהיים אין דער אָונטיקער טונקלקײַט.

---

שאבעס אפדערנאכט איז אויסגעגאַן דער וועכנטלעכער טערמין, און מאָנטיק אינדערפרי האָט מען מישען ארויסגעזעצט פון דער ניט־באצאָלטער דירע. א שנײַדער, א לאטוטניק, האָט געדונגען דאָס קליינע קעמערל און האָט זיך איבערגעצויגן אהין אינײנעם מיט א קופּע קינדער; קאם כאפּנדיק דעם אָטעם, האָט ער אהינצו איבערגעטראָגן איבער די טרעפּ גרויסע, שטײַף אָנגעקלאפּטע פּרעס־ברעטער, הארטע ווי א שטיין.

מישע איז ארָפּגעגאַן אראָפּ מיט א קליין פּעקעלע, די אי־בעריקע זאכן האָט דער באלעבאָס פארהאלטן פארן דירע־געלט, וואָס איז אים געקומען. אף די טרעפּ צווישן פּערטן און דריטן שטאָק האָט ער באגעגנט די גאנצע פאמיליע.

דער ערשטער האָט זיך געוויזן דער שנײַדער מיט צעשראָ־קענע קינדערשע אויגן, האלטנדיק אין די הענט איפּעשדיקע, פארסמאליעטע פּרעס־ברעטער; נאָכדעם האָט זיך געפּלאָנטעט

אין אבטיאָריקער יאַט, מיט בלוטלאָזע אויערן און אָן זאָקן טראָגנדיק צוויי איינעם צונויפגעבונדענע שניידערשע בענק־לעך, און אין זײַנע אלטע אויגן האָבן געפלי־טערט פליגל פון הונגער און פּאַבעד. ווײַטער איז געגאַנגען אַ קליינינקע יאַדיש־לעווע פרוי, וואָס פונדערווײַטן האָט מען געהערט איר שווערן אָטעם, מיט אַ זויג־קינד פון זעקס כאַדאָשים אף איין האַנט. און אין דער אַנדערער האָט זי געטראָגן אַ שטייענדיקן לאָמפּ מיט אַ בלויען גלעזערנעם קאָלפּעק. איר פּאָנעם איז געווען גרוי, ווי שטויב, די ליפּן דין און ווײַס, ווי פּאַפּיר.

זי איז געגאַנגען פאַרסאַפּעט, זיך געסטאַרעט האַלטן אין גלײַכגעוויכט דעם קאָלירטן לאָמפּ און דאָס שטיל ווייגנדיקע קינד, און האָט זיך געדראַפּעט אינדערהייך, וואָס איז געווען פאַר איר אַסאַך שרעקלעכער, ווי דער טיפסטער אָפּגרונט.

מישע איז אַרויסגעלאָפן אף דער גאַס, וואָס האָט געאָטעמט מיט פרימאָרגנדיקער פרישקייט.



פּלוצים האָט מישע דערזעען, אַז ער בלאָנקעט אַרום אונטער די בליענדיקע ביימער פונעם שטאָטישן וועלדל, צווישן די אײַנ־געהויקערטע, הילצערנע געצעלטן.

פריִער פלעג אים דאָס אַלץ פרייען, אָבער איצטער האָבן זיך אף זײַן פּאָנעם און נעשאָמע צעלייגט מידע קנייטשן. ער האָט געקוקט אף דער פריש־אויסגעפאַרבטער הוידעלקע, אף די רויִ־כערנדיקע אויסשרײַערס, וואָס עטלעכע פון זיי זײַנען געגאַן אָנגעטון אין טרוסן און אין צילינדערס און האָבן ווילד געפּאָכעט מיט גלעקלעך, נאָר איצטער האָט ער אין דעם ניט אײַנגעזעען גאָרניט קיין באַזונדערס, קיין אינטערעסאַנטס.

זיי זײַנען געווען פּאַר אים אַזוי ווי ביימער, שנײַנער, אַרויס־געוואָרפענע שיראַים *) אָדער ווי כּמעס־קויט, וואָס ליגט אין גראָז.

מישע איז שוין ניט געווען דער מישע, וואָס פריִער. ער איז געוואָרן אַ פאַרזאָרגט, גרויסויגיק קינד, ער איז געזעסן אויף אַ באַנק, מיטן קליינעם פּעקעלע אויף די קני, און האָט געקלערט. און וווּנדערלעכע געדאַנקען וועגן זאַכן, וואָס עקזיסטירן אויף דער וועלט, זײַנען אים געקראָכן אין קאָפּ אַרײַן. ער האָט געקלערט וועגן דעם, אַז ערגעץ קומט פאַר אַ גרויסע אומגערעכטיקייט. ערגעץ, דאָ און דאָרט, וואַרפן זיך מענטשן אַרויס — פונעם ערשטן וואָגאָן אינעם צוגעטשעפּעטן, פונעם צוגעטשעפּעטן — אויפן טראָטואַר, פונעם טראָטואַר — אויפן בּרוק, אין פאַבריק, פון פאַבריק — אויף די וואַקסנדיקע ווענט פון די געבײַען, נאָכדעם פון די דירעס אין שפּיטאָלן, און סאָפּקאָלסאָף, — אין די קוואָרים.

אין די מינוטן האָט נאָך מישע ניט געוווּסט, וואָס קען ער און וואָס דאַרף ער קעגן דעם אַלעמען טון, ער האָט אָבער געפילט, אַז די האַמוינים מיט די רויטע פאָנעס ווייסן עס גוט, און ער האָט געוואָלט אומבּאַדינגט געפינען דעם וועג צו זיי. כּוץ דעם האָט ער געוווּסט, אַז ער דאַרף זיך האַלטן מיט זיי אינײנעם, מעג בּאַ אים זײַן אַ שטיין אַנשטאָט בּרויט און נאָר וואַסער אויף צו טרינקען. נאָכדעם האָט ער שוין מער וועגן גאָרניט ניט געקלערט און איז אַנשלאָפן געוואָרן, צוגעשפּאַרט צו דער פאַרענטשע פון דער באַנק.

אויף מאָרגן איז מישע געווען שרעקלעך הונגעריק. נאָר ער האָט ניט געוואָלט אַראָפּפאַלן בּאַ זיך. ער האָט זיך טײַקעף אָפּ־

*) דאָס, וואָס סע בלײַבט פונעם עסן.

געזוכט א גרינגע ארבעט: ער האָט זיך געשטעלט אף א שטעלע אין א אונטערנעמונג, וואָס האָט יעדער וואָך ארויסגעגעבן א לידער־זאמלונג. דער שעף פון דער פירמע איז געווען א איינוי־גיקער קאטערינשטשיק, און אלצדינג איז בא אים אף דער אונ־טערנעמונג געווען איינגעאָרדנט לויטן מוסטער פון די אמעריי־קאנער טרעסטן, דעהייַנע: ער האָט אליין געגאנוועט פאפיר פאר די לידער, לידער — פארן פאפיר און טעקסט פאר ביידע זאכן; ער האָט אליין געגעבן די צענזור־דערלויבעניש. בראָשירט, געגעבן א הילע, געמאכט רעקלאמע; בא אים איז געווען א באזונדער אָרגאניזאציע פון אָפזאָך; ער האָט זיך געוואָלט דער־שלאָגן, אז די בעסטע ערטער אף צו פארקויפן אין שטאָט־גאָרטן זאָלן זיין בא זיין אונטערנעמונג אין די הענט. דער שעף פון דער פירמע,אז זיינע „פאָרשטייער" האָבן אים געבראכט צו פירן מישען א ציטערנדיקן פאר הונגער, האָט ער אים צוגענומען אָן קיינשום איבעריקע טיינעס. מישע האָט באקומען א גרויס פעקל ביכלעך און צודערצו, צום באדויערן, נאָך א גאנצן פאק פון דער פריערדיקער אויסגאבע, נאָר מ'האָט אים פארזיכערט, אז 25 פראָצענט פונעם אָפגעלייזטן געלט וועט זיין זיינס. די אר־בעט זיינע איז באשטאנען אין דעם, ער זאָל יעדן טאָג, פון פינף אזייגער פארנאכט, און אין די זונטיקן און יאָנטעוודיקע טעג פון עלף אזייגער איידערפרי שטיין בא דער מילכערייַ, וואָס האָט געהאנדלט אונטער א גרויסן, בלעכענעם שירעם, און מיט א ציטערדיק קאָל זינגען די סאמע טרויעריקע מאָטיוון פונעם ביכעלע, איבערכאזערנדיק זיי ניט ווייניקער, ווי צוועלף מאָל אין א שאָ אָבער לויטן מינדלעכן אָפמאך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן בא דער אָנוועזנהייט פון אלע „פאָרשטייער" צווישן אים און דעם איינציקן שעף מיטן סאמעטענעם רעקל, איז מישע געווען

מעכּוּיִעוו צו זיגגען באַזונדערס גוט, פּונקט ווי יעדער פּאַר־שטייער פון דער אונטערנעמונג, אַלע טאָג צווישן צוועלף און איינס, דריַי און אַכט אַזייגער, בעשאַס די מיידלעך מיט זייערע קאַוואַלערן קוויקן זיך אויפן גרינעם שויס פון די גאַזאָנעס, און דעמאָלט דאַרף מען, לויט ווי דער שעף האָט געזאָגט, צונויפּ־קלייַבן 90 פּראָצענט פונעם געשעפט.

בייזע צונגען האָבן זיך נאָכגעפרעגט, צי האָט ניט דער פאַר־שטייער פון דער אונטערנעמונג, דער שעף פון דער פירמע, קיין באַציִונגען מיט דער קאָמפּאַניִע קעשענע־גאַנאָווים, וואָס פלעגן זיך פאַרדינען דאָס שטענדיקע שטיקל ברויט אויפן כעשבן פונעם אוילעם, וואָס האָט זיך געקליבן אַרום די פאַרשטייער פון דער אונטערנעמונג און זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זייערע לידער. נאָר דערדאָזיקער פאַקט פאָדערט נאָך גרויסע באַווייַזן.

אַזוי איז מישע געשטאַנען, ווי מ׳האָט אים אָנגעזאָגט, אויף דער פּוסטער גאַס, פאַר דער ליידיקער מילכעריַי, און האָט זיך געסטאַרעט מיט אַלע קויכעס צוציִען צו זיך די אויפמערקזאַמקייַט פון די דורכגייער. נאָר די מאָטיוון זייַנען שוין געווען אַרויס פון דער מאָדע. און די שטענדיקע באַזוכער פונעם פאַרק זייַנען זיך גלייַכגילטיק פאַרבייַגעגאַנגען פאַרביַי דעם ייִנגעלע, וואָס האָט געזונגען מיט געפיל. מישעס קאָל האָט געווײנט פון פאַר־שטיקטן, פאַרבאַהאַלטענעם ווייטעק. זייַן יוגנט האָט געמאַכט ציטערן אַפילו די בלעטער אויף די אַלטע ביימער, און, שורשענ־דיק און סקריפּענדיק, האָבן זיי זיך געבויגן איבער אים אין אַלע זייַטן.

דער שעף אינעם סאַמעטענעם רעקל האָט שוין דאָס צווייטע מאָל באַטראַכט דאָסדאָזיקע אָרט, אָבער מישע האָט אים נאָך

ניט געקענט געבן קיין סיגנאַל וועגן דער צאָל פּאַרקויפטע עקזעמפּליאַרן.

די זאַך פלעג פּאַרקומען אַזוי: דער באַלעבאָס פלעג אַלע צוויי שאָ אונטערקומען, זיך אַרויסשטעקן פון הינטער אַ בוים, אויפהייבן פריִער אַלע צען פינגער אינדערהייך, דערנאָך האָט ער געוויזן אַלעמאָל מיט איין פינגער ווייניקער, און, אויב באַם לעצטן פינגער האָט מישע ניט געגעבן קיין צייכן אַף יאָ, האָט ער אַ ווײַטן שפּײַ געטון און געגאַנגען ווײַטער. וואָס ער האָט ניט איבערגעטון, איז דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען, אָבער לאַכלוטן גאָרניט. נאָר פּלוצים האָבן צוויי שלעפּערס און אַן אויסגעפּאַרבטע מויד אָנגעהויבן זיך צוהערן צו מישעס ליד.

אין זיך האָט מישע פעסט באַשלאָסן,— ווערדליק זיי האָבן זיך צוגעהערט, האָט ער טאַקע געקענט מיינען,— אַז איינער פון די דרײַ וועט שוין געוויס קויפן אַ ביכעלע; מיטאַמאָל אָבער האָבן זיי אַלע דרײַ אויסגעשאָסן אַ העסלעכן געלעכטער. איינער פון זיי האָט אַ וואָרף געטון מישען דאָס היטל און האָט זיך צע־הירזשעט, האַלטנדיק זיך באַ די זײַטן:

— וואָס־זשע האָסטו זיך אַזוי צעוואָיעט, דו מאַלפּע דו?!. זעסט דען ניט, אַז אַרום און אַרום איז קיין איין לעבעדיקער נעפעש ניטאָ.

און אַלע דרײַ זײַנען מיט אַ געלעכטער אוועקגעגאַנגען ווײַטער, פּאַטשנדיקן איינער דעם אַנדערן איבער דער פּלייצע. מישע האָט זיך קאַם־קאַם אָנגעשטויסן, אַז זיי אַליין זײַנען אויך געווען פּאָרשטייער פון דערזעלבער פירמע, און אַז זייער הייליקער כוויוו איז אויך געווען צו פּאַרנאַרן נאַראָנים.

אָבער הײַנט איז אַלץ געגאַנגען ביז גאָר שלימאַזלדיק, צו אַלדע רוכעס. ניט געקוקט אַף אַלע מיטלען, אַף אַלע

אופטועכצן, האָט דער גרויסער אונטערנעמונג געדראָט א באנקראָט.

און דעריקער דעם סאמע ,ענסטן פאָרשטייער פון דערדאָזיקער גרויסער אונטערנעמונג, מישען, וואָס האָט געדארפט אויסהאלטן דעם פּרווו.

ס'איז געווען ווייניק, האָט נאָך פארנאכט אָנגעהויבן גיין א רעגן, דעריבער האָט די סייכלדיקע פירמע אראָפּגענומען אלע אירע פאָרשטייער, זיי זאָלן ניט דורכגענעצט ווערן.

בלויז איין מישע האָט זיך געהאלטן מיט דער פעסטקייט פון א מענטשן, וואָס ארבעט אף א פּרווו, — ער איז ווייטער געשטאנען, ניט געקוקט אפן רעגן. און ער האָט אזוי טרויעריק געזונגען, אז ס'האָט אזש דעם הימל פארקלעמט באם הארצן, און ער האָט אָנגעהויבן גיסן.

ערשט דעמאָלט, ווען ס'האָט שוין געהאלטן בא אן עמעסער פארפלייצונג, האָט מישע, א דורכגעווייקטער ביז די ביינער, געפּוילט בא זיך ארונטערצוקריכן אונטערן שירעם־דאך, וווּ מ'האָט געוויזן אן אטראקציאָן, וואָס וועגט פינפהונדערט קילאָ. דאָרטן איז שוין פונלאנג, פונקט אין אזא נעבעכדיקער לאגע, געזעסן דער גאנצער גענעראלער שטאב פון דער אונטערנעמונג. און ס'האָט זיך באקומען אזוי, אז בא דער גאנצער פירמע, באם באלעבאָס, בא זיין ווייב, בא די דריי איינגעלאדענע אף א באשטימטן געהאלט אויסשרייערס און בא די איינגעלאדענע אף דרייסיק פּראָצענט פארקויפערס, — בא זיי אלע איינעם האָט ניט געקלעקט קיין געלט, אז דער הער שעף און זיין ווייב זאָלן קענען איינקויפן אף היינט א געמיינע וועטשערע.

אז מ'האָט דערזעען, בא וואָס מען האלט, איז די גאנצע געזעלשאפט, מיט דער האָפענונג, אז מאָרגן וועט מען מאכן

בעסערע געשעפטן, אוועק שלאָפן. דער הער שעף איז אנשלאָפן געוואָרן באַם „בּרעקל, וואָס וועגט פינפהונדערט קילאָ" אפן הארצן, די אויסשרײַערס האָבן געכראָפּעט אין די שטײַגן פון די קלאפּער־שלענג, וואָס זײַנען געפייגערט פון הונגער, און די איבעריקע, וואָס האָבן געארבעט אף פּראָצענטן, האָבן זיך צע־לייגט, די קעפּ איינס אף ס׳אנדערע, אינמיטן פּאַוויליאָן. סאָפּ־קאָלסאָף, האָט מישע אויך פארמאכט די אויגן און האָט זיך א וואלגער געטון אף א קופּע בּיכּעלעך, צופוסנס דעם גרויסן זייגער.

אפן אָנגעצויגענעם לײַוונט פונעם געצעלט האָט דער רעגן געשאָטן שרויט.

——

דער צווייטער טאָג איז אויסגעפאלן זונטיק, דער העל־בּלויער הימל־געוועלב האָט זיך בּרייט צעלייגט איבּערן לוסטיקן פּארק. די כּראָפּנדיקע פּאָרשטייער פון דער גרויסער אונטערנעמונג האָבן זיך אופגעכאפּט מיט א שטײַגנדיקן צוטרוי צום פרימאָרגן.

פונדעסטוועגן איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אז די מיט־ארבּעטער פון דער בּליִענדיקער פירמע האָט געדראָט א שרעק־לעכער הונגער־טויט. אָבּער אין שטאָטישן פּארק איז פארבּליבּן נאָך איין זאך, וואָס האָט צוגעזאָגט קרעדיט, — דאָס איז געווען דער לויטערער, בּלויער הימל, וואָס האָט שעמערירט מיט זונען־גלאנץ. און ס׳האָט זיך געמאכט אזוי, אז די אונטערהאנדלונגען צווישן שעף פון דער פירמע מיטן באלעבּאָס פונעם וווּרשט־קלייטעלע האָבן זיך אין א קורצער צײַט אויסגעלאָזט צו גוטן און דער קלייטניק האָט געמאָלדן, אז ער גאראנטירט בּרען־מאטעריִאל בּיז ס׳וועט זיך עפענען דאָס געשעפט, בּיז נאָך האלבּן טאָג. און אזוי איז אף מישעס כּײלעק אויך אויסגעפאלן צוויי

פארדעכטיקע סאָסיסקעס און א שטיקל פּייכט, אלטגעבאקן ברויט.

ווי נאָר ס'האָט געשלאָגן צוועלף אזייגער, האָט דער הער פּרינציפּאל געגעבן א צייכן אף צו עפענען דאָס געשעפט, אָדער, ריכטיקער געזאָגט, ווי ער פלעג זיך אויסדריקן, ער האָט אוועק־געשיקט אלע זײַנע פאָרשטייער צו אלדע רוכעס.

ווידער איז מישע אוועק צו דער ליידיקער מילכערײַ, אונטערן פארלאָזטן בלעכענעם שירעם. ווידער האָבן זיך אונטער די פּארק־ביימער צעטראָגן די סאמע טרויעריקע מאָטיוון, און די שפּרינגענדיקע פייגעלעך האָבן, מיט ברייט־פאנאנדערגעעפנטע אויגן, געהערט די קאָנצערטן. ס'האָט אופגעלעבט דער שפּאציר און די פּאָלקס־שפּילן, און צוזאמען מיט דעם אויך די פרייד פון די הענדלערס אין די געצעלטן. די גלעקלעך האָבן געקלונגען, די אויסשרײַערס האָבן מיט די נאָרוואָס דורכגעשווענקטע העלדזער געקלאָגט, ס'האָבן זיך צעטשאדעט די קוילן אונטער די קעסעלעך מיט סאָסיסקעס. אַל'ע זײַנען געווען פול מיט האָ־פענונג און האָבן גערעדט וועגן דער פרעכטיקער זון, וואָס איז געשטאנען אין זעניט, און ווי בעשוטפּעס מיט דער זון אפן הימל האָבן זיי פארקויפט און געלויבט אין טאָג ארײַן די סכוי־רעס זייערע אף דער ערד. צוזאמען מיט רער וואקסנדיקער היץ איז אויך געוואָקסן דער קרעדיט, דעם הענדלערס הארץ האָט זיך צעשפּרייט און געוואָרן ווייך, ווי א פּוטער. אָנהייבנדיק פון גאראָבאלדיסן — דעם קלאָון, ביז די סאמע לעצטע דורכגעטרי־בענע קעשענע־גאנאָווימלעך, — האָבן אלע באקומען אף באָרג. דערפאר וואָס הײַנט פאלט ארײַן א גראָשן, הײַנט גייט דער אייסעק, הײַנט שײַנט די זון! די ביר־פלעשער האָבן געקנאלט־ און דער בארימטער ארויסגעבער פון די וועכנטלעכע לידער־

זאמלונגען און זײַן פּרוי האָבן ארומגעשמײַעט ארום די קרעמערס מיט א דאָפּלטער סומע „פון זייער טאָג-לייזעכץ", — ווי זיי האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט, אָבער אינדערעמעסן איז זייער פאָרשטע־לונג נאָך קיינמאָל ניט מעקויעם געוואָרן.

ס'איז דורכגעגאַן א שאָ. די פאָרשטייער פון דער גרויסער אונטערנעמונג — די וועכנטלעכע ביכלעך מיט לידער — האָבן ארום און ארום אין דעמדאָזיקן פארנעם הייסן טאָג געלאָזט אין גאנג 84 וויכטיקערע מאָטיוון און 42 פון א קלענערער מאדרייגע, פון זיי איין מישע — זיבעצן.

דער קארוסעל איז שוין דאָס פערטע מאָל געגאַן א ליידיקער. בא די הוידעלקעס זײַנען די אויסשרײַערס דערגאנגען צו דער גרעסטער אָנשטרענגונג. דער אויסשרײַער אין פאנאָפּטיקום האָט שוין דאָס צווייטע מאָל דערציילט די שרעקלעכע טראגעדיע פונעם אימפּעראטער מאקס, אָבער פון דער שטאָטס פּיסק האָבן זיך קאָם־קאָם דורכגעזײַעט איינציקע פיגורן, וואָס זײַנען פויל געגאנגען צום פּארק־צו.

און די שפּיל איז זיך געגאנגען ווײַטער. דעם „לעץ" איז געווען אזוי גוט אפן הארצן, אז ער האָט געמאכט שטיק פאר א ליידיקן צושויער־זאל; די קלאָונעס האָבן געפליאסקעט אײנס דאָס אנדערע און געשפּיגן זיך פאר די ליידיקע בענקלעך, וואָרעם אלע האָבן געוווּסט, אז די שטאָט גייט, און, צום שפּעטסטן, אין א האלבער שאָ ארום וועט ניט זײַן ווו א שפּילקע דורכ־צוּווארפן. יאָ!.. און מישע האָט געזונגען. ער האָט פא־גלאָצט די אויגן צום הימל, ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט אף דער גענעראלער רעפּעטיציע, און האָט געווארט, אז דער אוילעם זאָל אָנלויפן. אָבער קיין אוילעם איז אלץ ניט געקומען. איבער די געצעלטן פונעם שטאָטישן פּארק איז דורכגעלאָפן א טויבער

געמורמל. אייניקע פאָרזיכטיקע קרעמער האָבן שוין אופגעהערט צו געבן אף באָרג, אָבער דאָס זײַנען געווען באַזונדערע פאַלן. די זון האָט דאָך געשײַנט, אזוי ווי קיינמאָל ניט.

אלץ איז געווען באלעבט, אלץ האָט געשמײַעט, געדרייט זיך, געוויגט זיך, געטראסקעט. די הענדלער האָבן אויסגערופן, די קעשענע־גאנאָווימלעך זײַנען געווען גרייט צו דער ארבעט...

און אלע האָבן געמיינט: אָט הייבט זיך עס אָן...

אָבער גאָרניט האָט זיך ניט אָנגעהויבן.

און אין עטלעכע מינוט ארום האָבן שוין אלע וועגן דעם געוווּסט. די אויסשרײַערס, גלאט שרײַערס, גימנאסטן, קעשענע־גאנאָווים, צעפאצקעטע קלאָונעס, די קונצנמאכערס, די כּיעס־באצווינגער אין לאקירטע שטיוול, די גאסן־מיידלעך,— אלע האָבן אופגערעגטע גרופּעסווײַז באהאנדלט די אומגע־ריכטע בסורע.

די־דאָזיקע בסורע האָט זיי פריטשמעליעט ווי א דונער.

פינף אזייגער וועט אין שטאָט פאָרקומען א דעמאָנ־סטראציע!

די סאָציאליסטן אָרדענען אײַן א דעמאָנסטראציע, פאר אל־געמיינער וואלרעכט!

שרעקלעך, שרעקלעך...

אין איין האלבער שאָ איז דער גאנצער פאר ־ליבן פוסט, גלײַך ווי אַן ערד־ציטערניש האָט אלץ כאָר ... אכט. די באלעבאטים פון די געצעלטן האָבן, איינס נאָכן אנד ..., פארמאכט זייערע קלייטלעך און, פארבלאָנטע פון אופרעגונג און גרימ־יאָרן, האָבן זיי באהאנדלט די וויסטע בסורע. זיי האָבן באשלאָסן, אז איינעם מעמאָראנדום, וואָס זיי וועלן שיקן צום פרעמיער־מיניסטער, וועלן זיי פאָדערן, אז אויס אכטונג צו די האנדלס־

אונטערנעמונגען בא די פאָלקס־שפּילן זאָל מען פאַרווערן די דעמאָנסטראַציעס אין די זונטיקדיקע טעג.

מישע איז געווען דער לעצטער, וואָס האָט זיך דערוווּסט פון דער דעמאָנסטראַציע, דערפאַר אָבער איז ער געווען דער איינ־ציקער, וואָס האָט שיר ניט געווײנט פאַר פרייד. ער האָט א וואָרף געטון דאָס פּעקל לידלעך אינעם האמוין בלאָס־געוואָ־רענע קרעמער און, ווי א לאָשעקל, איז ער אוועק אין שטאָט אַרײַן.

— אך, דו ליַיזיקע בהיע, שלעפּער דו ווערעמדיקער, א פּע־גירע אף דיר!..— האָבן געשריגן די קרעמער און געמאַכט צו אים מיט די פּעטע קולעקעס, אז א שווייס האָט זיי אויש באַשלאָגן...

מישע איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ אין טאָל אַרײַן, וואָס האָט געפירט צו דער שכאָט, און האָט געפילט, ווי ער דערנעענטערט זיך צו עמעצנס ווארעמע קני.

——

ער האָט זיך נאָכגעהאַנגען נאָך די פורלעך, וואָס זײַנען געפאָרן אין שטאָט אַרײַן, געשפּרונגען אף די רעסאָרן פון די טרייסלדיקע דראָזשקעס, און אז מ׳האָט אים פונדאָרטן מיט די בײַטשן געגעבן דעם וועג, האָט ער זיך א פאַרסאַפּעטער געלאָזט לויפן שוואליאָם צו דער שטאָט־צו.

נאָך קוים איז ער ארויף אף דער ערשטער באַלעבטער גאַס און האָט דערזעען, ווי די פאַרהאָוועטע מענטשן גייען אום אהין און צוריק, דאָס לעבן שטראָמט דאָ ווי געווײנלעך,— האָט עס אים אָפּגעגאָסן ווי מיט א קאַלטן עמער וואַסער. מישע האָט זיך געריכט צו טרעפן דאָ אַלע מאַגאַזינען פאַרשלאָסן מיט שווערע שלעסער, פאַרשפּאַרט מיט אײַזערנע פאַרוקערס, מיט אַראָפּגע־

לאָזטע לאָדנס; ער האָט געמיינט, אַז די גאַסן זײַנען איבערגע־פולט מיט פרויען. וואָס לויפן אום אין הויכער שרעק און זוכן זייערע קינדער. מיט אומגעוואַלגערטע און אַרויסגעריסענע ביימער און מיט אומרויִקע פאַרנומענע מענטשן, וואָס קוקן אַרויס פון אַלע שפּאַלטן און ציטערן פון שרעק.

פריִער פון אַלץ האָט ער זיך געריכט צו הערן אַ שטאַרקן ליאַרעם, וואָס רעגט אויף דאָס בלוט, פאַרטויבנדיקע געשרייען און אַ קלינגענדיקן גאַלאָפּ פון פּאָליציייִשע פערד. נאָר גאָרניט, קיין סימען אפילו ניט פון דעם, אויף וואָס ער האָט זיך געריכט, איז דאָ ניט געווען.

פרידלעך, אַזוי ווי שטענדיק, האָבן געקלונגען די טראַמווײַען, האָבן זיך געשפּילט די קינדער, און די פענצטער פון די מאַ־גאַזינען האָבן געבלישטשעט, ווי העל־באַלויכטענע בינעס.

מישע איז געווען אַזוי איבעראַשט, אַז ער איז מיטאַמאָל געוואָרן צו אַלץ גלײַכגילטיק און האָט אויפגעהערט צו באַנעמען, ווו בלאָנקעט ער אַרום, וווהין טראָגן אים זײַנע פיס און ווי אַזוי איז ער צוגעקומען צום מאַרק. ערשט ווען דער רייעך פון דעם פאַרוויאַנעטן גרינוואַרג איז אים אַרײַן אין דער נאָז אַרײַן, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און האָט זיך אַרומגעקוקט.

און, דערזעען דאָס לאַנג־באַקענטע בילד, האָט זיך מישע ניט־ווילנדיק צעלאַכט. דאָרטן פונעם ווינקל איז אַרויסגעקראָכן אַ טראַנספּאָרט סערבישע אויגסט־הענדלער. אויב ער וועט זיך ניט צוײַלן, וועלן זיי פאַרקערעווען אַזן פּלאַץ, וואָס איז אָנגעסטאָ־פּעוועט מיט מענטשן, און דאָרטן שפּירן טויזנט אויגן נאָך נאָך דער מינדסטער באַוועגונג דײַנער.

מיט איין גרינגן אַקראָבאַטישן שפּרונג איז ער געבליבן הענגען אויף אַ וואַגאָן און האָט אַרויסגעכאַפּט אַ בינטל בריקווע

פון אונטערן צודעק. נאָך איין באַוועגונג, און א בינטל יונגע מערלעך איז בעלעם געוואָרן אונטער מישעס סוועטער.

ס'איז געוואָרן נאכט, און מישע וואָלט געקענט צורעכט מאכן זײַן אָרעמע וועגעטארישע וועטשערע, זיצנדיק אפן בריג טראָטואר. נאָר דאָרטן, לעם א בנין, א פארשאָטענעם מיט צעמענט־שטויב, איז געזעסן א גרופע סלאָוואקן — שווארצבארטעטער. יעדערער האָט געהאלטן אין דער האנט א שטיק פיסגע ברויט, און זיי האָבן געווארט אפן עסן, וואָס האָט געקאָכט אין קעסל.

מישע האָט זיך פארקליבן אף די טרעפ און האָט זיך אוועקגעזעצט אף א קלאָץ לעם די צונויפגעקאָרטשעטע שווארצבארטעטער. יענע האָבן אים אזויווי אינגאנצן ניט באמערקט און האָבן געקוקט מיט פײַכטע אויגן אפן געקעכץ, וואָס דארף באלד פארטיק ווערן. מישע איז אויך פארגליווערט געוואָרן אף א מינוט, א פארקישעפטער פונעם געשמאקן ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פונעם קעסעלע, און איז געקומען צו זיך ערשט דעמאָלט, ווען דער סלאָוואק, וואָס האָט געמישט דאָס געקעכץ אינעם רויכערדיקן קעסעלע, האָט פלוצלינג פארהאלטן דעם לעפל באם מויל און האָט ארויסגעגעבן עפעס א ווילדן פרײַדיקן אויסגעשריי.

אין א רעגע ארום האָט מישען געהאלדזט א קליין מענטשל, און מישע האָט דערקענט, אז דאָס איז זײַן געוועזענער שכן פונעם שפיטאָל.

— ווי איך בין פריידן, ס'ארא גליק... — ער האָט געזוכט ווערטער, פארגעט, אָן עסן, פארגעסן פון די הונגעריקע כאווייריס און האָט אוועקגעשלעפט מישען צו זיך אף די קלעצער.

מישע האָט ווי אין כאָלעם געדענקט דעם סלאָוואק. נאָר אין דער מינוט האָט ער געהאַט אַזאַ געפיל, אַז פון אַלע מענטשן, צו וועלכע דאָס לעבן פלעג אים פאַרוואַרפן, איז אים אָט אָ דער קליינינקער סלאָוואק, וואָס האָט זיך געפּאָרעט באַם קעסל, געוועזן נעענטער פון אַלע.

דער קליינינקער סלאָוואק האָט טייקעף אָנגעהויבן פּלוידערן וועגן יענער גוטער צייט, ווען ער האָט אין שפּיטאָל זיך געשפּייזט ווי עפּעס אַ וווּנדערלעכע כייע. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטון מיט אַ מין באַזונדער צאַאַר אויף די פאַרשטויבטע קלעצער, און אין זיין ברוסט האָט זיך דערהערט אַזאַ מאָדנער כריפּען, אַז מישען איז געבליבן שטיין פאַר די אויגן דעם מילנערס פאַרדייגעט פּאָנעם.

פון צופיל אויסגערעגטקייט האָט מישע ניט געפונען קיין אַנדערס וואָס צו טון, ווי נאָר אַרויסנעמען פון אונטערן סוועטער די באַקומענע אויפּסטן און זיי איבערגעבן דעם סלאָוואק.

מיט אַ קינדערשער פריילעכקייט און מיט אַ געמאַכטן ביי־זער האָט דער סלאָוואק אַ כאַפּ געטון די בריקווע און האָט אַ וואָרן געטון מיטן רעוומאַטישן פינגער:

דער שפּיק וועט דערזעען, דער שפּיק וועט דיך פּאַקן.

מישע האָט זיך צעלאַכט און האָט זיך געסטאַרעט אויף צוריק זיך אַ רייץ טון מיטן קליינינקן סלאָוואק.

— דער שפּיק איז ווייט, דער שפּיק איז אויף אַנדראָסיס־שטראַסע און בוקט זיך דאָרט צו די גרויסאַרטיקע הערן און צו די אויטאָס.

דער סלאָוואק האָט זיך הויך צעלאַכט און האָט אַ וואָרף געטון דאָס גאַנצע בינטל בריקווע, מיט דער שאָלעכץ און מיטן גראָס. אין זודיקן קעסל אַריין.

— סאקרא... סאקרא... סאקראמענט! (רוען, רוען, כאפט עס דער רוען!) — האט געלאכט דער סלאוואק, אנבייגנדיק זיך איבערן דאמף, וואס האט ארומגערינגלט זיינע עטוואס רויטע האר.

דער קרייז ארבעטער איז געווארן אלץ ענגער באם רויכער־דיקן קעסעלע, וואס האט ארויסגעלאזט ווונדערלעכע, קישעפ־דיקע רייכעס.

אט איז דאס עסן פארטיק געווארן, און לענגויס דעם קלאץ, בא די קני פון די אויסגעהונגערטע מענטשן מיט די ברענענדיקע אויגן, האבן זיך פרידלעך פארויכלט די שיסלען מיטן געקעכץ.

מישע איז אויך געזעסן מיט זיי, און אן אנגענעמענער ציטער איז דורכגעלאפן איבער זיינע גלידער. ווי גוט איז אים איצטער געווען זיך אויסציִען זארגלאז אפן קלאץ און ניט טראכטן פון גארניט, אפילו וועגן דעם, פארוואס, אייגנטלעך, איז ער ניט אוועק אף דער דעמאנסטראציע, וואס איז אנגעמערקט אף אפדערנאכט.

און דער קלייניקער סלאוואק איז געזעסן לעבן מישעס קאפ און האט אנגעהויבן, האלטנדיק אין מויל א פאפיראסן־עקל, ווידעראמאל צו פלוידערן וועגן שפיטאל, ארויסשפייענדיק דערביי א געדיכטע, גרינלעכע סלינע, אויסגעמישט מיט צע־מענט־שטויב.

ביסלעכווייז האבן זיך מישעס אויגן פארמאכט, און דעם סלאוואקס ווערטער האבן זיך אים אנגעהויבן אויס[illegible]טן ווי א זשוזשען פון א פליענדיקער בין. נאר פלוצלינג [illegible]ן פונ־דערווייטנס, דורך די באלקעס דערטראגן א ניט־קלארער, פאר־קאנטער טומל, ווי א רויך, וואס גייט דורך געדיכטן גראז.

מישע איז אויפגעשפרונגען, אלע ארום האבן זיך אויך צונעהערט.

אויסגעקערעוועט זיך צו אנדראָסיס־שטראסע. ווידער האָט זיך דערהערט אַן אומקלאָרער טומל, און דעמאָלט איז שוין ניט געבליבן קיינשום ספק. ווי אונטער דער ווירקונג פון א היפּנאָז, האָבן זיי זיך א לאָז געטון אין דער ריכטונג, פונוואַנען ס׳האָט זיך געהערט דער ליאַרעם. פון ביידע זייַטן גאס זייַנען פון די טויערן ארויסגעלאָפן צערייצטע מענטשלעכע געשטאלטן אין צעבראָכטעטע העמדלעך. איצט האָט מען שוין דייַטלעך געהערט, ווי מע לאָזט אראָפּ די געפלאָכטענע שטאָרן, אומעטום האָט מען געזעען צעשראָקענע אויגן פון די הענדלער, וואָס האָבן ארויסגעקוקט פון אונטער די הענט־דעכעלעך. אין דער מינוט, ווען אלע האָבן פארקערעוועט אף אנדראָסיס־שטראסע, האָבן די פּאָליציייער זיי פארשטעלט דעם וועג מיט די בלויזע שווערדן און מיט די פערד, וואָס זייַנען געשטאנען אף די הינטערשטע פיס, אָנגעצילעוועט אפן האמוין, איבער דער גאנצער ברייט גאס.

א צאָרנדיקער געשריי, פארדראָסיקע אויסרופן און א האָגל שטיינער,—דאָס איז געווען דער ענטפער פון די דעמאָנסטראַנטן, וואָס האָבן א ווייַלע א טרעט אָפּ געטון אף צוריק. און ווען די שווארצארבעטער, באוואָפנטע מיט ציגל, האָבן זיך א לאָז געטון פון דער ווינקל־גאס אף די פּאָליציי־רייַטער, זייַנען זיי פון דעם אומגעריכטן רעגן פון ציגל אָפּגעטראָטן און אין א משוגענעם גאלאָפּ זיך א לאָז געטון צוריק.

ווידער האָט זיך אין דער שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע, אין דער גאנצער ברייט גאס, צעוויקלט אין איר גאנצן פּראַכט די רויטע פאָן, און דער האמוין, א פארשיקערטער פון פרייד, האָט זיך ארומגענומען מיט די שווארצארבעטער, וואָס האָבן זיך ארייַנגעגאָסן פון דער ווינקל־גאס.

און איבער דער ברייטער, מיט הילצערנע פליטעס אויסגע־פלאסטערטער, גרויסארטיקער גאס האָבן זיך צעהילכט סטראָפעס פון דער „מארסעליעזע", וואָס זײַנען דערגאַנגען ביזן הימל.

און אונטער דער פאָן, אונטער די ברייטע פליגל פונעם גרויסארטיקן, שטאָלצן הימן, האָט געזונגען מישע מיט אַן אי־בערגעפולט האַרץ, גלײַך ווי אינמיטן אַ ברייטן טעאַטער.

מיטאַמאָל האָט זיך דער געזאַנג אָפּגעריסן, ווי אַ סאָסנע וואָס ווערט אײַנגעבראָכן בעת אַ שטורעם, און הונדערטער רײַטנדיקע און פוסגייערשע פּאָליציייער האָבן פון די טויערן אַ שפּאַר געטון אויפן פאַרבײַגײענדיקן האַמוין. דער אומגעריכטער אָנפאַל האָט אין איין אויגנבליק צעטײלט די מאַסע, וואָס האָט אָט־ערשט זיך אַזוי פֿײַערלעך גערוקט פאָרויס, ווי אַן אַראָפּגע־לאָזטער שטיק געוואַנט. און פאַר מישעס אויגן האָבן מעשוגע־נערווײַז אַ שווינדל געטון צעטראָטענע, קרעכצנדיקע פרויען און מענער, אַראָפּפליִענדיקע שליאַפּעס, צעבלוטיקטע, לויפנדיקע פיגורן, כראָפּענדיקע פערדישע קעפּ מיט לאַנגע גריוועס.

מישע האָט ניט געדענקט, וויאַזוי האָט ער זיך אויסגעדרייט פון די פּאָליציישע פערד: אַ פאַרפרעסטער דורכן האַמוין, איז ער מיטאַמאָל געבליבן שטיין באַם אַרײַנגאַנג אין דער מאַרק־געבײַדע און האָט מיט שוידער געקוקט אויף אַ פּאָנעם, אַ ווײַסן ווי קרײַד, וואָס פון דער ברייטער וווּנד אויף זײַן שטערן האָט זיך געגאָסן אויפן אַספאַלט אַ ברייטער בלוטיקער שטראָם.

דעם אַרבעטערס הענט, אויסגעגעסענע מיט קאַלך, מיט די אָפּגעבראָכענע נעגל, האָבן זיך נאָכאַמאָל אָנגעכאַפּט פאַרן האַלדז, נאָכדעם זיך אומבאַוועגלעך אַראָפּגעלאָזט פון בײדע זײַטן קערפּער, אין וועלכן ס'איז שוין שווער געווען צו באַמערקן אַ סימען פון לעבן. אַ געשריי איז פאַרגליווערט געוואָרן באַ

מישען אין האלדז, ווען ער האָט אין דעם אומגליקלעכן דער־קענט דעם קליינינקן סלאָוואַק.

א פערדישע טלאָ האָט איינגעקארבט א טיפן שווארצן שרונט אף זיין ברוסט.

מיט א שארפן הודאָק איז אונטערגעפאָרן א סאניטאר־אווטאָמאָביל, נאָר דאָס לעבן האָט שוין פארלאָזט דעם סלאָוואַק. די סאניטארן האָבן אים איבערגעלאָזט אפן אָרט, דערפאר וואָס ס׳האָט שוין צו זיי קיין שייכעס ניט געהאט.

אין א פערטל שאָ ארום איז געקומען צו פאָרן א מייסים־פורל, איינגעשפאנט מיט צוויי קליאטשעס. דעם קליינינקן סלאָוואק האָט מען איינגעוויקלט אין א שווארצער ציראטע און ארייינגעוואָרפן אינעם איפעשדיקן מייסים־פורל. נאָכדעם איז דאָס פורל אוועקגעפאָרן.

בא א שווערן אייזערנעם טויער פונעם מארק איז געשטאנען א גרויסע קאליזשע בלוט פונעם דערהארגעטן, און מענטשן, וואָס האָבן ארומגעשטעלט דאָס שווארצע מייסים־פורל, האָבן געזאָגט:

— מאָרגן, מאָרגן וועלן מיר זיך אומקערן ווידער...

מישע האָט געוווּסט, אז בידאָזיקע ארבעטער מיט די צעכראסטעטע קעלנער וועלן האלטן וואָרט.

— מאָרגן, מאָרגן... — האָט איך געמורמלט מישע, וואָס האָט געלעכצט נאָך נעקאָמע.

נאָכדעם האָט זיך מישע אנידערגעלייגט אין א ווינקל אפן ביניען, אפן פארשטאָרבענעם סלאָוואקס רעדנע. ארום אים האָבן זיך אומרויִק געדרייט די ארבעטער, און איבער זיי זיינען, ווי א בלוטיקער רעגן, געפאלן די ווערטער:

— מאָרגן, מאָרגן...

אף מאָרגן אינדערפרי איז דער הימל געווען טיף און לויטער. איינציקווײַז, איינער נאָכן אנדערן, זײַנען די שווארצארבעטער ארויס אף דער גאס. גרויסע און קליינע גרופּעס האָבן שוין אף זיי ארויסגעקוקט. זיי האָבן זיך ארויסגעשטעלט אין רייען און זײַנען ערגעץ אוועקגעגאַן.

ווען מישע האָט זיך אופגעכאפּט, איז שוין קיינער ניט געווען; מיט פאכעד האָט מישע באטראכט די אומבאקאנטע זאכן, וואָס זײַנען נאָך געווען מיט נאכט־שאָטנס באדעקט. ער האָט א קלער געטון, אז אלץ, וואָס ס׳איז פּאָרגעקומען, איז געווען ניט מער, ווי א שווערער כאָלעם, און ער האָט נאָכאמאָל ארופגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ.

אז מישע האָט זיך אינגאנצן אופגעכאפּט, איז שוין די זון געווען אפן הימל. ער האָט א קוק געטון אף די זאכן, וואָס האָבן אים ארומגערינגלט, וואָס די פרײַנטלעכע זון האָט זיי באלויכטן און האָט זיך מיט א זיפץ א צי געטון. מיטאמאָל איז ער געבליבן זיצן און האָט געכאפּט א קוק אין אלע זײַטן. אלע נארעס זײַנען געווען ליידיק. איצטער איז אים אלץ קלאָר געוואָרן, און ער איז, מיט א פארשלאָפן פּאָנעם, אינדערגיך אוועקגעלאָפן אף דער גאס. די זון האָט הייס געווארעמט דעם פּוסטן ברוק. די אײַזערנע שטאָרן זײַנען געווען ארונטערגעלאָזט, און פונדערווײַטנס האָט זיך דערטראָגן א טופּען פון פּאָליצייִשע פערד־טלאָען.

טרערן זײַנען געבליבן הענגען אין מישעס אויגן, ווען ער האָט פארשטאנען, אז מ׳האָט אָן אים אינגאנצן פארגעסן.

די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אף דער גאס, האָט נאָך פארשטארקט זײַן ייִעש: מ׳האָט זיך בעשומויפן ניט געקענט דערוויסן, וווהין זײַנען אוועקגעגאנגען די ארבעטער. נאָר וואָס מער מישע האָט זיך דערנעענטערט צו דער רינגשטראסע, אלץ מער

פּאָליציייער האָבּן ארויסגעקוקט פון די טויערן. אז ער האָט אופמערקזאמער א קוק געטון אין א הויף אריין אינעווייניק, האָט ער באמערקט, אז דער הויף איז אָנגעטאסעוועט מיט פּאָליציייער.

איצטער האָט שוין מישע געוווּסט, וווהין ער דארף גיין. און ער האָט זיך אוועקגעלאָזט זוכן די ארבּעטער־קאָלאָנע, גייענדיק אין דער ריכטונג, ווו די הויפן זיינען געווען אָנגעפּולט מיט פּאָליציייער.

ווען ער איז געקומען אף דער רינגשטראסע, האָט זיך שוין דאָרטן געהאט אָנגעהויבּן. טראמוויי־וואגאָנען זיינען געגאן זעלטן, און מיט די עטלעכע, וואָס זיינען נאָך דורכגעפאָרן, האָבּן געפּראוועט קאָנטראָל־באאמטע. אָבּער פּאסאזשירן איז געווען ווייניק, דערפאר וואָס פון די ווינקל־גאסן האָט מען זיי באוואָרפן מיט שטיינער.

מישע איז ניט צוגעשטאנען צום האמוין, וואָס האָט געוואָרפן שטיינער און איז באשטאנען דעריקער פון גאסן־יינגלעך און לערן־יינגלעך: ער איז אוועק אין דער ריכטונג צום צענטער פון דער שטאָט.

אים האָט געצויגן און געטריבּן א פריידיקע קינדערשע שטרעבּונג צו א טויזנט־קעפּיקן האמוין. ער איז דערגאנגען ביזן אינעווייניקסטן רינג פון דער שטאָט, נאָר דאָ האָט ער געטראָפן א בּעהאָלע פון צעשראָקענע לויפנדיקע בּירגער. הוסארן און פּאָליציי־רייטער זיינען געשפּרונגען איבּער די דורכגייער, דער־שראָקענע אף טויט, און מישע האָט געזען, ווי צוויי פּאָליציייער האָבּן געטריבּן א ציוויל־מענטשן אין א צילינדער איבּערן טראָטואר; מ׳האָט דעם אומגליקלעכן צוגעקוועטשט צו א וויט־רינע פון א קליידער־מאגאזין. א פּאָליציייער מיט א בּלישטשענ־דיקער שווערד אין דער האנט האָט זיך אופגעהויבּן הויך אפן

זאָטל און האָט א פּאָכע געטון מיטן געווער איבערן מענטשן אינעם צילינדער. אין א רעגע ארום האָט דאָס בלישטשענדיקע שטאָל צעהאקט דעם אומגליקלעכן דעם קאָפּ אף צווייען, אזוי ווי א קאווענע.

פלוצים האָט מישען פארכאפּט דער אָטעם פון עפּעס א שוואכ־קייט, ער האָט דערפילט אן אומדערטרעגלעכע שאָפלקייט. זיין מאָגן האָט זיך צונויפגעפּרעסט, די ליפּן זיינען געוואָרן ווייס, די פיס האָבן ניט געקענט איינהאלטן דעם קערפּער. ער האָט זיך ווי ס׳ניט איז פארשלעפּט ביזן ערשטן שיידוועג; דאָ איז צו אים צוגעגאן א בלאסער, באָרוועסער יונג און האָט אָנגעהויב בעטן מישען, ער זאָל אים אריבערפירן אף יענער זייט גאס, דערפאר וואָס דידאָזיקע גאנצע טייל שטאָט איז ארומגערינגלט מיט פּאָליציייער. מישע האָט א קוק געטון אפן ציטערנדיקן, געל־פּאָנעמדיקן יונג און איז ווידער געקומען צו זיך.

— דו האָסט פאר זיי מוירע? איז אָט טו א קוק, און איך האָב קיין מוירע ניט! — און ער האָט אריינגערוקט צוויי פינגער אין מויל אריין און ארויסגעלאָזט א שטארקן פייף צו דער רינגשטראסע־צו.

פון א געסל הינטער אים, פון א צירקל, איבער וועלכן ס׳איז געהאנגען א רויטער לאמטערן, זיינען, ווי אף א סיגנאל, ארויס־געלאָפן צוויי פּאָליציייער אָן שלעמען. מישע און דער יונג האָבן עוואָלט אנטלויפן הינטערן ראָג פאר די יאָגנדיקע פּאָליציייער און האָבן זיך פונקט געפּאקט אין די לאפּעס פון אנדערע צוויי פּאָליציייער, וואָס האָבן אויך געהערט מישעס פייף און זיינען געקומען צו לויפן.

די צעפלאַמטע פּאָליציייער האָבן געכאפּט די יאטן פאר די אויערן און האָבן זיי אזוי אוועקגעשלעפּט אפן פּאָסט.

— אָך, גאָט מײַנער!.. איר!.. גוילעמער פאַרשאָלטענע... איר...— און האָבן אָנגעהויבן מעלויצען די יאַטן איבער די פּענימער.

מישע האָט באַקומען דעם ערשטן פּליאַסק פון א וואַכמיסטער מיט א רויטער צורע, דערנאָך האָט ער דערפילט, ווי די ערד האָט זיך אונטער זײַנע פיס א וויג געטון, און דאָס פּאַרזוּעניש מיט די זילבערנע גאַלונעס האָט אים אָנגעכאַפּט באַם גאָרגל.

בלויז דער געשריי פונעם יונג האָט אים אָפּגעמונטערט. דער־דאָזיקער געשריי איז געווען ערגעץ פונונטן, פונעם דיל, פון אונטער דעם פּאָליציײַישן פעלדפעבעלס שטיוול.

— אוי, הער וואַכמיסטער, שלאָגט מיך ניט,— האָט זיך געבעטן דער גאַסן־יונג,— שלאָגט מיך ניט, איך בעט אײַך.

א בייזשפּאָטישער שמייכל האָט זיך באַוויזן אף די פעטע ליפּן, נאָר מישע האָט גאָרניט געהערט, אים האָט געזשומעט אין די אויערן, און ער האָט ניט געקענט אופהייבן דעם קאָפּ פונעם דיל. .די פיגור מיט די שטיוול האָט אויסגעשטרעקט ביידע הענט, האָט אָנגעכאַפּט ביידע ייִנגלעך פאַר ז׳י קעלנער און מיט א הילכיקן געלעכטער אַרויסגעשלײַדערט זיי אף דער גאַס.

אַזוי ווי די פייגל, זײַנען די ייִנגלעך אַוועקגעפלויגן פונעם צירקל.

מישע איז ניט אַוועק באַלד נאָך זײַן כאַווער, וואָס איז גע־לאָפן אָן אן אָטעם; ער האָט זיך מיטאַמאָל אומגעקערט אפן ראָג, געכאַפּט א ציגל און א שלײַדער געטון אינעם רויטן לאַמטערן, וואָס האָט געברענט איבערן פּאָסט. ווען דער וואַכמיסטער האָט אַרויסגעשטעקט זײַן צעראַייצטע צורע, אַזש א בלאָווע פון קאַס, דורך דער טיר, איז שוין מישע געלאָפן ווײַט אף דער רינג־שטראַסע.

ערשט אסאך שפּעטער האָט ער געפּוילט בא זיך אומצוקוקן זיך אָף צוריק.

אָבער די גאס איז געווען פּוסט, און די יאָגנדיקע הוסאַרן האָבן געגישטערט פּונקט אין דער פאַרקערטער ריכטונג פון דער רינגשטראַסע.

מישע האָט זיך א וואָרף געטון אָף א באַנק בא א טראַמוויי־אָפּשטעל און האָט, אביסל א באַרויִקטער, א זיפץ געטון.

„איצטער האָב איך זיי געוויזן". — די אויגן האָבן בא אים געבּרענט. לאַנג איז ער נאָך געזעסן מיט א שמייכלענדיקן פּאָנעם און מיט פאַרמאַכטע אויגן אָף איינעם און דעמזעלבן אָרט. אַז ער האָט ווידער געעפנט די אויגן, האָט ער דערזעען פּוסטע גאַסן און שטאַרק פאַרמאַכטע שטאָרן, און ער האָט זיך דערמאַנט, אַז, אייגנטלעך, זוכט ער די אַרבעטער, וואָס ער האָט פאַרלוירן אינעם האַמוין, און ער איז אוועקגעלאָפן ווייטער, ווי א קינד, וואָס זוכט די מוטער זיינע.

אָבער אין מישעס נעשאָמע האָט אָנגעהויבן בּושעווען א שרעקלעכער פאַרגעפּיל.

„צי קען עס דען זיין, שוין־זשע האָט בא זיי ניט געקלעקט קיין מוט ביזן סאָף דורכצוגיין איבער די גאַסן און אויסהאַלטן זייער וואָרט! איז דען מעגלעך, אַז די אַרבעטער זאָלן געווען נעכטן איבערן סלאָוואַקס טויטן קערפּער זאָגן א ליגן? ניין, דאָס קען ניט זיין!" — האָט מישע זיך אַליין איינגערעדט.

„אָבער וועהין־זשע האָבן זיי עס דעמאָלט געקענט ניט סטייען?" — האָט אין מישען ווידער א רעד געטון א נאָגנדיקער צווייפל. זוכנדיק אַן ענטפער, האָט ער אומזיסט געבלאָנדזעט מיט די אויגן איבער אַלע שיידוועגן, — אינערגעץ האָט מען ניט געזעען קיין לעבעדיקן נעפעש.

א מידער, קאם שלעפנדיק די פיס, האָט ער פאקערעוועט אף איינער פון די גאסן, וואָס האָבן געפירט אין דער פאָרשטאָט. נאָר דאָ האָט אף אים געוואַרט עפּעס א וווּנדערלעכס. טראמ־ווײַען, אראָפּגערוקטע פון די רעלסן, אומגעוואלגערטע, בּרייטע צעבּראָכענע וויטרינעס, ארויסגעריסענע גאז־לאמטערנס האָבן גערעדט וועגן דעם, האָבן איידעס געזאָגט, אז די ארבעטער־מאסן געפינען זיך ערגעץ ניט ווײַט. מישע האָט פארשטאנען: די ארבעטער האָט מען אָפּגעוואָרפן, איידער זיי זײַנען צוגעגאן צו דער געבּײַדע פונעם הונדערט־טורעמדיקן פארלאמענט.

אָבער מישע איז געווען גליקלעך, ווײַל ער האָט געוווּסט, אז ער גייט אף א זיכערן שפור, וואָס וועט אים בּרענגען צו די ארבּעטער־מאסן.

און ער האָט זיך אוועקגעלאָזט מיט די שפורן פון כורבּוינעס וואָס מ׳האָט געזעען אף די גאסן.



דאָס איז געווען אן אויסגעצייכנטער אָוונט. ער האָט ארום־געכאפּט מישען, ווי א דערשיטערנדיקער און אין דערזעלבער צײַט א וווּנדערלעכער כאָלעם.

אז ער האָט אָנגעהויבּן לויפן איבּער די גאסן, וואָס האָבן געפירט צו די פאבּריק־קווארטאלן, האָט ער געזעען אלץ גרעסערע און גרעסערע בּאווײַזן, אז די ארבעטער האָבן געקענט גײן נאָר אין דער ריכטונג. דער צעוואלגערטער בּרוק, די פאַט־רולן רײַטער־פּאָליציי, וואָס האָבן זיך מעשוגענערווײַז געיאָגט אהין און צוריק, די פעסט־מארשירנדיקע פוסגייערישע פּאָליציי, די צעבּראָכענע וויטרינעס, איבּערגעקערטע פורן און, לעצטנס, די אראָפּגעריסענע רעמלעך פון די גאז־לאמטערנס און דער פלאם,

וואָס האָט אַף זיי פּריי געפינקלט,— דאָס אַלץ האָט, ווי א זיכערער קאָמפּאַס, געוויזן דעם ריכטיקן וועג.

פון איין גאַס האָט זיך דערהערט א שטאַרקער ברום פון טרומייטן. אין א צווייטער ריכטונג האָט אין דער פינצטערניש יאָמערלעך געשריגן א סירענע פון א סאַניטאַרן אויטאָ. פון דער דריטער זייַט האָבן אָן אָן אופהער געקלונגען גלעקלעך פון פייַערלעשערישע אויטאָמאָבילן.

און ערגעץ ווייַט, הינטער די פאַבריקן און מילן, וואָס האָבן זיך געהויבן אָפן פאָן פון די הייַזער, האָט זיך געררויטלט, גע־ברענט, געפלאַקערט דער הימל.

— פונדעסטוועגן, פונדעסטוועגן, — האָט זיך מישע געפרייט, — האָבן זיי זייער וואָרט געהאַלטן! פונדעסטוועגן זייַנען זיי גע־קומען, זיי האָבן זיך אָפּגערעכנט פאַרן קליינינקן סלאָוואַק.

ווי א קינד, וואָס לויפט אין דער מוטערס אָרעמס, האָט זיך מישע א וואָרף געטון אין די גאַסן, וואָס זייַנען געווען פאַר־פלייצט מיט סאָלדאַטישע שפּיזן. די קוילן האָבן געפייַפט לעבן זייַנע אויערן, די אויסגעשרייען פון די שפּיקן זייַנען געפלויגן איבער זייַן קאָפּ, די פּאָליציייִשע פערד האָבן געכראָפּעט איבער זייַן אויער, און ער איז געלאָפן פאָרויס איבער דעם צעוואַלגערטן ברוק, איבער די צעלעכערטע זעק פּאָלאָווע, וואָס זייַנען איבער־געבליבן אַף די פאַרלאָזטע שלאַכט־פּאָסטן, צו די באַריקאַדן, וואָס האָבן גערופן פונדערווייַטנס.

דאָס פייַער פון דער סרייפע הינטער די פאַבריקן האָט זיך געהויבן אָפן האָריזאָנט אַלץ העכער, גלייַך ווי ס'האָט געוואָלט אונטערגעבן היץ מישען, און די באַפרייַטע גאַז־פייַערן האָבן געפּאָכעט מיט זייער באַפרייַטער געלער גריווע און שוין דער־גרייכט ביז די פעדערשטע טיילן פון די הייַזער. אַלץ דייַטלעכער

האָט זיך געהערט דאָס אָטעמען פון דער מאסע מענטשן, וואָס האָבן זיך באַהאלטן אף זייערע שלאכט־פונקטן, דאָס זשוזשען פון די פליִענדיקע קוילן האָט אלץ ענגער ארומגעכאפּט מישען.

דאָרט ערגעץ וויַט איז געווען א לאגער, דאָרט וויַט האָבן געפלאַקערט די פאַבריקן, און פאר זיי האָבן אף באריקאַדן פון זעקלעך מעל, וואָס מ׳האָט זיי ארויסגעשלעפּט פון א מיל, גע־וואַרט אף מישען ארבעטער, פולע מיט מוט און מיט דרייסטקייַט.

מישעס הארץ האָט געשריגן פאר פרייד, ער האָט קיינעם ניט און גאָרניט ניט געזעען ארום זיך; נאָר אונטערן סאמע הימל־געוועלב, האָט זיך אים אויסגעדאכט, האָבן זיך מיט צאָרן אָנגעצונדן מוירעדיק־גרויסארטיקע אָרגל־רערן, און פונדער־וויַטנס האָט ער געהערט אן אומקלאָרן הודען, וואָס האָט גע־רעגט דאָס בלוט.

אָבער וויַטער איז שוין קיין וועג ניט געווען. די פּאָליציייִשע וואך האָט ארומגערינגלט די גאסן אין אלע ריכטונגען. און אינערגעץ איז ניט פארבליבן קיין פּיצעלע שפּעלטעלע אפילע וואָס מ׳זאָל דורך דעם זיך קענען דורכשמוגלען.

נאָר פאר מישען האָט ניט עקזיסטירט קיין פּאָליציייִשע וואך: ער האָט זיך אריבערגעוואָרפן איבער א פּלויט, זיך ארופגעדראַ־פּעט אף א דאך פון איין קליין שטיבעלע, נאָכדעם א צווייטן — אביסעלע א העכערן, אוועקגעלאָפן לענגויס א שינדל - דאך, דערנאָך האָט ער זיך ווידער אראָפּגעלאָזט, שפּרינגענדיק איבער די פארגרוויזונגען, איבער גריבער, צערייַסנדיק דאָס אָנטון, צעדראַפּענדיק זיך דאָס לייַב ביז בלוט און איז פונדעסטוועגן געלאָפן וויַטער — אויבן איבער דעכער, אונטן איבער פּלויטן, געפויזעט אפן בויך, געקראָכן אף די קני, וואָס זייַנען געווען צעקאַרדאשעט ביז בלוט.

און מ'האָט שוין אַרויסגעזען, ווי די בערג אָנגעוואַלגערטע ווײַסע זעק, וואָס דאָס מעל האָט זיך פֿון זיי געשאָטן, האָבן איבערגעגרויזט דעם אַרײַנגאַנג אין די גאַסן, און פֿון יענער זײַט וואַנט פֿון זעק האָבן געווימלט פּערציק מאַן אַרבעטער.

מישע האָט דײַטלעך געזען די זעקלעך מעל, געהערט די טײַערע קוילעס; ער האָט אָבער ניט באַמערקט, ווי פּונקט אין דעם מאָמענט האָט מען אונטערגעפֿירט אַ קוילנוואַרפֿער און פֿון דער טיף גאַס אָנגעצילעוועט אים גלײַך אויף די זעקלעך מעל.

מיט אַ פֿריידיקן געשריי, גלײַך ווי ער וואָלט באַגריסט אַ אייגענע מוטער, איז ער אַרופֿגעשפּרונגען אויפֿן ברוק מיט צע־שפּרייטע הענט, אין צעריסענע קליידער, אײַנגאַנצן אַ צעקאַר־דאַשעטער, און איז מיט די לעצטע קויכעס אַוועקגעלאָפֿן צו די באַריקאַדן. אויף זײַן געשריי האָט זיך צווישן די זעק פֿון די באַריקאַדן אַרויסגעשטעקט אַ צעשויבערטער מאַנצבלשער קאָפּ מיט פּיצעלעך וואָנצעלעך. דאָס איז געווען דער כּאַווער קראָליק, וואָס האָט איצטער טאַקע בעעמעס אויף אַ ווירקלעכער גרויסער לעבנס־עסטראַדע, צו דעם האָט ער דאָך זײַן גאַנץ לעבן גע־שטרעבט, — געקאָמאַנדעוועט, די הענט אויסגעשטרעקט אויף פּאַרויס — „פֿײַער אופֿהערן".

אָבער אין דערזעלבער רעגע האָט אַ אַ שטעפּ געטון דער קוילנוואַרפֿער און מיט אַ שנײַדנדיקן ראַש האָט ער אָנגעהויבן אויסקערן די גאַס, אַזוי ווי אַ צענומענער פּאָכער.

אין דער מינוט האָט מישע זיך געוואָלט ווי אופֿהייבן אײַנ־דערלופֿטן, ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט פּאַרויס, דערנאָך איז ער מיט אַ שטאַרקן געשריי אומגעפֿאַלן אינמיטן דער גאַס.

דער צעשויבערטער קאָפּ מיט די קלײנינקע װאָנצעלעך האָט צאָרנדיק א פּאָכע געטון מיט די הענט, און טײקעף האָבן זיך די פּערציק מענטשן, װאָס האָבן געפּרענט נעקאָמע צו נעמען, זיך אופגעהויבן פון אונטער די זעקלעך מעל.

אז מ׳האָט מישען געבראַכט צו שלעפּן הינטער דער באַרי־קאַדע, איז ער שוין געווען א טויטער. דער כאַוער קראָליק, דער פּאָרזיצער פון קולטקאָמיסיע, האָט צערטלעך פרײַנטלעך אװעקגעלײגט מישעס קאָפּ צו זיך אף די קני, און איבער זײַן פּאָנעם, דעם צעקרימטן פון־צאָרן און ייִעש, האָבן א גאָס געטון טרערן, און אומזיסט האָט ער זיך באַמיט זיי אײַנצוהאַלטן.

אײניקע ארבעטער האָבן ארומגערינגלט דעם ייִנגעלעס קער־פּער, אראָפּגעבויגן די קעפּ און די פּענימער פארשטעלט מיט די הענט.

װען זײ האָבן אופגעהױבן די קעפּ, האָט אין זײערע צערײַצטע אויגן געברענט א פלאַם פון האַס.

און דער פלאַם פון די פאַבריקן האָט פונהינטן אופגעהױבן זײַן קאָפּ, איז אויסגעװאָקסן, װי א שטורעמדיקער װאַלד, אלץ העכער און העכער איבערשטײַגנדיק די פאַבריק־קוימענס.

װידער האָבן די קוילנװארפער אָנגעהױבן זײער שנײַדנדיק שטעפּן.

מישע איז געלעגן מיט א גליקלעכן שמײכל, גלײַך װי ער װאָלט געשמײכלט צו זײַן געפּונענער מוטער; דער שמוציקער מעל־שטויב בא זײַנע פּיס־איז געװען פארשפּריצט מיט ארבע־טער־בלוט.

---

MARMOR
NEW YORK

